לענינ׳ס לערע וועגן מלחמות אין
דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

י. סולטמאַן

# לענינס לערע וועגן מלחמות

## אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

---

פאַרלאַג:
אידביוראָ
1934

# ערב אַ נייער אימפּעריאַליסטישער וועלט-מלחמה

(אנשטאָט אַ פאָרוואָרט)

מיר געפינען זיך אויפן שוועל פון אַ נייער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה.

ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען אַ קאָמוניסט פלעגט ריידן וועגן מלחמה־געפאַר, פלעגט עס אַרויסרופן אַ געלעכטער, אָדער אַ שטורעם פון פּראָטעסט און צאָרן, אָדער, אין בעסטן פאַל, אַ מיטגעפיל־שמייכל, וואָס מען גיט אַ האַלוצינאַציע־מאַניאַק:

— דער מענטש האָט זיך אַריינגענומען אַ מאַנקאַליע אין קאָפּ.

ווען מיר האָבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק גערעדט וועגן דער „וואַקסנדיקער מלחמה־געפאַר", האָט אונז דער דורכשניטלעכער אַרבעטער און האָרעפּאַשניק כמעט ניט פאַרשטאַנען. באמת, די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע שטאַטסלייט האָבן דאָס וואָרט „פרידן" ניט אַראָפּגעלאָזט פון זייערע פרומע ליפּן; די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט זיך געלייגט אין דער לענג און דער ברייט צו באַווייזן, אַז מיר זיינען אַריינגעטראָטן אין אַן עפּאָכע פון „אייביקן פרידן", אַז אַ נייע וועלט־מלחמה איז „אוממעגלעך"; יעדע נייע „פרידנס"־קאָנפערענץ פון דער פעלקער־ליגע, אָדער פון די פירנדיקע אימפּעריאַליסטישע מלוכות, האָט מען אויפגעשפּילט אין דער פּרעסע ווי אַ נייעם שריט צו פאַרזיכערן דעם „אייביקן פרידן". וועגן „פרידן" האָבן געדרש'נט גלחים אין די קירכן, רבנים אין די שולן און פּאַציפיסטן אויף באַנקעטן.

און אין אָט־דעם כאָר פון „פרידנס־מלאכים" האָט צום העכסטן געקלונגען די שטים פון די „סאָציאַליסטן" פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, זיינען דאָס געווען די הויפּט „טעאָרעטישע" אויסטייטשער פון דער „איצטיקער עפּאָכע פון פרידלעכער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג".

די קאָמוניסטן, דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף דער דראָענדיקער מלחמה־געפאַר. נאָך אין 1928, האָט דער זעקסטער קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטער־

נאַציאָנאַל אַנאַליזירט די וועלט־סיטואַציע און געקומען צום שלום, אַז דער וועלט־קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן אין דעם „דריטן פּעריאָד פון זיין נאָך־מלחמה׳דיקער אַנטוויקלונג״, וואָס איז אַ פּעריאָד פון „אימ־פּעריאַליסטישע מלחמות, קאָלאָניאַלע אויפשטאַנדן און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס״.

ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דער דאָזיקער אַנאַליז האָט אַרויס־גערופן שוים אויף די ליפּן פון די „הייליקע מלאכים פון פרידן״, בײַ דעם גאַנצן „פרידנס־ליבנדיקן״ געזינדל.

— מלחמה־העצער, רויטע אונטערצינדער, מאָסקווער אימפּעריאַ־ליסטן — האָבן געליאַרעמט די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

— נייע מלחמות ? ניין. מיר געדענקען נאָך דעם גרויל פון דער לעצטער וועלט־מלחמה — האָבן פרום געגלאָצט מיט די אויגן פאַציפיס־טישע גלחים און ליבעראַלן.

און די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אָדער אינגאַנצן פאַרשוויגן, אָדער מיט פאַראַכטונג אויסגעלאַכט די „רוסן״, בײַ וועלכע מלחמה איז געוואָרן אַ „מאַניע״.

אָבער היינט־צו־טאָג איז ניט נאָר די מעגלעכקייט, נאָר די אומפאַר־מיידלעכקייט פון אַ נייער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה אַן אַלגעמיין אָנערקענטע זאַך. וועגן מלחמה ריידן שוין היינט־צו־טאָג גאַנץ אָפן די פירער פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען ; די צייטונגען שרייען מיט קלאַפּטערדיקע קעפּ וועגן דער קומענדיקער מלחמה ; אַפילו די אַמערי־קאַנער ליבעראַלן אָרגאַניזירן שוין נעבעכדיקע דעמאָנסטראַציעס קעגן מלחמה, נאָך וועלכע עס שלעפּן זיך נאָך די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן.

„יעדער טאָג, יעדער חודש קאָן אונז ברענגען די נייס, אַז דער יאַפּאַנעזישער אימפּעריאַליזם האָט אָנגעהויבן זיין לאַנג־צוגעגרייטע אַטאַקע אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד. צו יעדער צייט קאָן דער משוגענער, וואָס האָט איצט די מאַכט אין דייטשלאַנד, אָנהויבן די ווילדע אַוואַנטורע פון אַנטי־סאָוועטישער אינטערווענץ, וואָס איז דער ווינקלשטיין פון זיין פּאָליטיק, אָדער קאָן אָנצינדן דעם פּולווער, וואָס וועט אויפרייסן די גאַנצע סיסטעם פון אייראָפּייאישע באַ־ציאונגען. ווער קאָן זאָגן, אַז די מלוכות, וואָס פירן איצט אַ ריזיקן פּלאָטן־געיעג, וועלן אין אַ שיינעם טאָג ניט אַריינוואַרפן זייערע איצטיקע פלאָטן אין אַקציע אויס מורא צו פאַרבלייבן הינטער־שטעליק אין דעם געיעג ? ווער קאָן פאַראויסזאָגן, ווען די אָנגע־

צווינגענע ליניעס פון קלאסן־קאמף אין איינעם פון א טויז לענדער וועט ניט צוליב א קליינעם „אינצידענט", ווי די אויפדעקונג פון דער סטאווינסקי־קארופציע, אנצינדן די פלאמען פון א רעוואלוציא־נערן בירגער־קריג?"

אט־אזוי האט כאראקטעריזירט די איצטיקע לאגע דער גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון די פאראייניקטע שטאטן, חבר אוירל בראודער, אין זיין באריכט צו דער אכטער קאנווענשאן פון דער פארטיי. און ווער וועט וואגן אפלייקענען, אז ער האט געגעבן א ריכטיק בילד פון דער איצטיקער וועלט־לאגע? קיינער זוכט שוין אפילו מער ניט אפצולייקענען די מלחמה־געפאר. מאנכע קאפיטאליסטישע ווארט־פירער ווייזן אפילו ציניש אן אף די גרונט־סיבות, וואס פירן צו א נייער וועלט־מלחמה. אויב ס'איז פאראן צווישן די קאפיטאליסטישע ווארט־פירער א מיינונגס־פארשיידנהייט, איז עס נאר אין דער פראגע, ווי שנעל די נייע וועלט־מלחמה וועט זיך אנהויבן.

## די לעצטע וועלט־מלחמה האט ניט אויסגעהיילט די קאפיטאליס־טישע וועלט פון איר הויפט־חולאת

ווען די נייע וועלט־מלחמה זאל זיך ניט אנהויבן — אין א חודש ארום, אין א יאר ארום, אדער אין א פאר יאר ארום — וועט זי זיין, דורך אנדערע מיטלען און מעטאדן, א פארזעצונג פון דער „פרידלעכער" קאפי־טאליסטישער פאליטיק זינט דעם סוף פון דער לעצטער וועלט־מלחמה.

די לעצטע וועלט־מלחמה (1914—1918) האט ניט אויסגעהיילט די קאפיטאליסטישע וועלט פון דער הויפט־חולאת, וואס דערגייט איר די יארן, פון דעם גרונט־ווידערשפרוך פון דער קאפיטאליסטישער געזעל־שאפטלעכער סיסטעם. דער דאזיקער ווידערשפרוך דריקט זיך אויס אין דעם טיפן תהום צווישן דער הויכער אנטוויקלונג פון די געזעלשאפטלעכע פארמען פון פראדוקציע און די ענגע ראמען פון אייגנטום־באציאונגען אונטערן קאפיטאליזם. אין דער צייט וואס די אנטוויקלונג פון דער אינ־דוסטריע האט דערגרייכט א ריזיקע הויך, ווערט אבער איר ווייטערדיקע אנטוויקלונג געשטערט דורך דער קאפיטאליסטישער פאראייגענונג פון דער פראדוקציע, וואס גיט ניט די ברייטע מאסן די מעגלעכקייט צו פאר־ברויכן די פראדוצירטע רייכטימער. אט־דער ווידערשפרוך פון קאפי־טאליזם איז פאראנטווארטלעך פאר די פעריאדישע עקאנאמישע קריזיסן, וואס זיינען א שטענדיקע דערשיינונג אונטערן קאפיטאליזם.

אָבער כל זמן די פאַרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אויסצוברייטערן זייער אינערלעכן מאַרק און זייער עקספּאָרט אין נייע קאָלאָניעס און וויניק־אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער; כל זמן די אַנטוויקלונג פון מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל איז געווען פאַר־העלטניסמעסיק שוואַך — האָבן די עקאָנאָמישע קריזיסן אַליין געשאַפן די באַדינגונגען, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט פאַרן קאַפּיטאַליזם זיי ביייצוקומען און פירן צו נייע אויפשטייגן פון דער פּראָדוקציע. צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פון 20טן האָט אָבער די לאַגע זיך אינגאַנצן געענדערט. אַזעלכע לענדער ווי דייטשלאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן און אַ צאָל אַנדערע האָבן זיך פאַרוואַנדלט פון אימפּאָרטירער פון אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, הויפּטזאַכלעך מאַשינען, אין עקספּאָרטירער פון די דאָזיקע פּראָדוקטן, ד. ה. אין קאָנקורענטן פון די אַלטע לענדער פון קאַפּיטאַליזם. די ווייטערדיקע אויסברייטערונג אַפן חשבון פון די דאָזיקע הינטערשטעליקע לענדער איז געוואָרן אוממעגלעך; פאַרקערט, אָט־די לענדער האָבן אַליין אָנגעהויבן קעמפן פאַר „אַ פּלאַץ אונטער דער זון", וואָס האָט געמיינט פאַר קאָלאָניעס, וואו זיי זאָלן קאָנען אָפּזעצן זייער איבערפּראָדוקציע. אָבער די קאָלאָניעס האָבן זיך שוין געפונען אין די הענט פון די אַלטע, שטאַרקע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. דער רעזולטאַט איז איצט אַלעמען גוט באַקאַנט: דער גרונט־ווידערשפּרוך פון קאַפּיטאַליזם האָט געפירט צו אַ פאַרשאַרפטן קאַמף צווישן די אימ־פּעריאַליסטן פאַר אַ מאָנאָפּאָל איבער די אויסלענדישע מערק און האָט געבראַכט צו דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה פאַר דער איבער־טיילונג פון די קאָלאָניעס און „איינפלוס־ספערן".

די בלוטיקע אָפּעראַציע, וואָס די אימפּעריאַליסטן האָבן דורכגעפירט אין די יאָרן 1914—1918 — אַן אָפּעראַציע, אין וועלכער 10 מיליאָן מענטשן האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס, 20 מיליאָן זיינען געבליבן קאַ־ליקעס אויף זייער גאַנצן לעבן, און וואָס האָט אָפּגעקאָסט צענדליקער טויזנ־טער מיליאָנען דאָלאַר — האָט אָבער ניט געראַטעוועט די קאַפּיטאַליס־טישע סיסטעם פון איר אינערלעכער קראַנקהייט. פאַרקערט, אונטער דער ווירקונג פון דער מלחמה האָט זיך די דאָזיקע קראַנקהייט פאַרשאַרפט און זיך אַנטוויקלט אין אַ צווייטער אומהיילבאַרער חולאת — דער אַל־געמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

## דער אַלגעמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם

דער אַלגעמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, דריקט זיך אויס קודם כל אין דעם, וואָס די וועלט־סיסטעם פון קאַפּיטאַליזם איז צעשפּאָלטן געוואָרן. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אָוועקגעריסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט־סיסטעם אַ זעקסטל־חלק פון דעם ערד־קוגל. דאָס האָט געפירט צו אַ נייעם טיפּן אַנטאַגאָניזם — דער פּרינציפּיעלער אַנטאַגאָניזם צווישן צוויי וועלטן, צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און דער סאָציאַליסטישער וועלט.

דער אַלגעמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם דריקט זיך, צווייטנס, אויס אין דעם, וואָס די מלחמה האָט ניט אָפּגעשטעלט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־כחות. די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז אָנגעגאַנגען אין אַ סך פּראָדוקציע־צווייגן אויך אין דער צייט פון דער מלחמה. אַ סך נייע צווייגן פון פּראָדוקציע האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַרלויף פון דער מלחמה (כעמישע אינדוסטריע, אַוויאַציע, א. אַז. וו.), אָבער קיין נייע מערק האָט די וועלט־מלחמה ניט געשאַפן. טיילווייז האָט דער קאַפּיטאַליזם פאַרלאָרן מערק דורך דער וועלט־מלחמה. שוין אָפּגערעדט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער אויך אין די קאָלאָניאַלע און אָפּהיינגיקע לענדער האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דוקא אין די יאָרן פון דער מלחמה יונגע אינדוסטריען, וואָס האָבן פאָרגעזעצט זייער אַנטוויקלונג נאָכדעם ווי די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט. די דאָזיקע אינדוסטריען, ווי חבר סטאַלין האָט אָנגעוויזן, „קאָנקורירן דערפאָלגרייך אויף די מערק מיט די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, פאַרשאַרפנדיק און פאַרוויקלענדיק דעם קאַמף פאַר מערק". דאָס אַלץ מיינט, אַז דער הויפּט אינערלעכער ווידערשפּרוך פון קאַפּיטאַליזם, דער ווידערשפּרוך צווישן די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון דער פּראָדוקציע און די פּריוואַט־אייגנטימערישע פאָרמען פון פאַראייגענונג, זיינען נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן, און אין פאַרבינדונג מיט דעם — די אַנטאַגאָניזמען צווישן די עקספּלואַטירנדיקע און עקספּלואַטירטע קלאַסן און צווישן די באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות.

ס'איז אָבער וויכטיק אָנצואווייזן אויף איין געווינס, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט געהאַט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה. ער האָט אַ דאַנק דער וועלט־מלחמה געהאַט אַ מעגלעכקייט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם. דער

אויפבוי פון דער מלחמה־רואינירטערווירטשאַפט אין די מלחמה־לענדער האָט געשאַפן אין משך פון אַ צענדליק יאָרן אַ ברייטן מאַרק פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, וואָס האָט פאַרמילדערט דעם ביטערן קאַמף פאַר מערק. דער אויפבוי פון דער מלחמה־רואינירטער ווירטשאַפט איז געווען די הויפט עקאָנאָמישע באַזע פאַר דער צייטווייליקער סטאַביליזאַציע פון קאַפּיטאַליזם און פאַר דער נאָך־מלחמה'דיקער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. אָבער דער אויפבוי פון דער ווירטשאַפט, די דערגרייכונג פון דער פאַר־מלחמה'דיקער הויך פון דער פּראָדוקציע, האָט אָף דאָס ניי פאַרשאַרפט דעם קאַפּיטאַליסטישן קאַמף פאַר מערק.

חבר סטאַלין האָט נאָך אין 1927 אָנגעוויזן, אַז די „פּראָבלעם פון מערק ווערט איצט די גרונט־פּראָבלעם פון קאַפּיטאַליזם. . . . דעם קאַפּיטאַליזם ווערט ענג אין די ראַמען פון די איצטיקע מערק און איינפלוס־ספערן.”

לאָמיר דאָ ברענגען נאָך אַן אויסצוג פון חבר סטאַלינ'ס מייסטערהאַפטן דיאַלעקטישן אַנאַליז פון די כחות, וואָס האָבן געווירקט אין דעם לעצטן פעריאָד פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ערב דעם אויסברוך פון עקאָנאָמישן קריזיס:

„פון דער סטאַביליזאַציע זעלבסט, פון דעם וואָס די פּראָדוקציע וואַקסט, פון דעם וואָס דער האַנדל וואַקסט, פון דעם וואָס דער טעכנישער פּראָגרעס, וואָס די פּראָדוקציע־מעגלעכקייטן ווערן גרעסער, אין דער צייט וואָס דער וועלט־מאַרק, די גרענעצן פון דעם דאָזיקן מאַרק און די איינפלוס־ספערן פון די באַזונדערע אימפּעריאַליסטישע גרופּן פאַרבלייבן מער אָדער ווייניקער סטאַביל — פון דעם אַלעמען וואַקסט טאַקע אַרויס דער טיפסטער, דער שאַרפסטער קריזיס פון וועלט־קאַפּיטאַליזם, וואָס טראָגט מיט זיך נייע מלחמות, וואָס דראָעט דער עקזיסטענץ פון וועלכער ניט איז סטאַביליזאַציע.”

לאָמיר געדענקען, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין 1927, אין דעם סאַמע ברען פון קאַפּיטאַליסטישער „פּראָספּעריטי”. באַוואָפנט מיט דעם שאַרפן וואָפן פון דיאַלעקטישן אַנאַליז האָט סטאַלין, פונקט ווי זיינע לערער לענין, מאַרקס און ענגעלס, געקאָנט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און פאָראויסזאָגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון געשעענישן.

## דער וועלט־קאפּיטאַליזם קאָן ניט אַרויסקריכן פון קריזיס־זומפּ

דער טיפסטער, דער שאַרפסטער קריזיס פון וועלט־קאפּיטאַליזם האָט אויסגעבראָכן אין 1929. שוין באַלד 5 יאָר ווי די קאַפּיטאַליסטן ראַנגלען זיך בייצוקומען דעם קריזיס, אָבער אָן דערפאָלג.

אין זיין באַריכט צו דעם 17טן קאָנגרעס פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט חבר סטאַלין געבראַכט די פאָלגנדיקע ציפערן, וואָס ווייזן דעם גאַנג פון דער פּראָדוקציע אין די הויפּט אינדוסטריעלע לענדער אין פאַרלויף פון די לעצטע 5 יאָר:

| יאָרן | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|---|
| סאָוועטן־פאַרבאַנד | 100.0 | 129.7 | 161.9 | 184.7 | 201.6 |
| פאַראייניקטע שטאַטן | 100.0 | 80.7 | 68.1 | 53.8 | 64.9 |
| ענגלאַנד | 100.0 | 92.4 | 83.8 | 83.8 | 86.1 |
| דייטשלאַנד | 100.0 | 88.3 | 71.7 | 59.8 | 66.8 |
| פראַנקרייך | 100.0 | 100.7 | 89.2 | 69.1 | 77.4 |

וואָס באַווייזן די דאָזיקע ציפערן?

זיי באַווייזן, ערשטנס, דעם אונטערשייד צווישן די צוויי וועלטן, וואָס באַוועגן זיך אין צוויי קעגנזעצלעכע ריכטונגען. אין דער צייט וואָס די פּראָדוקציע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז געפאַלן אין אָט־דעם פעריאָד אויף 15־35 פּראָצענט, איז די פּראָדוקציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסגעוואַקסן אויף העכער 100 פּראָצענט.

זיי באַווייזן, צווייטנס, אַז אין 1933 איז די פּראָדוקציע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער געשטיגן אויף אַרום 2 ביז 11 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט דעם נידעריקסטן פונקט, וואָס זי האָט דערגרייכט אין 1932. אין די פריערדיקע דריי קריזיס־יאָרן האָט די פּראָדוקציע אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן גאַנג באַרג־אַראָפּ."

מיינט דאָס, אַז דער קריזיס האָט זיך געענדיקט? אַז דער קאַפּיטאַליזם האָט, ווי אין די פריערדיקע קריזיסן, באַוויזן צו שאַפן די באַדינגונגען פאַר אַ נייעם אויפשטייג פון דער פּראָדוקציע? חבר סטאַלין ענטפערט אויף אָט־די פראַגן:

„... דער קאַפּיטאַליזם איז געווען דערפאָלגרייך אין פאַרלייכטערן עטוואָס די לאַגע פון דער אינדוסטריע אויפן חשבון פון די אַרבעטער, פאַרגרעסערנדיק זייער עקספּלואַטאַציע דורך פאַרגרעסערן די אינטענסיפיצירונג פון זייער אַרבעט; אויפן חשבון פון

די פאַרמערס — דורך אַ פּאָליסי פון צאָלן די נידעריקסטע פּרייזן פאַר די פּראָדוקטן פון זייער אַרבעט, פאַר שפּייז־פּראָדוקטן און טײַלווײַז פאַר רוי־מאַטעריאַלן; אױפן חשבון פון די פּויערים אין די קאָלאָניעס און אין די עקאָנאָמיש־שוואַכע לענדער — דורך אַ ווײַטערדיקן אַראָפּדריקן די פּרייזן אױף די פּראָדוקטן פון זייער אַרבעט, הױפּטזאַכלעך אױף רוי־מאַטעריאַלן און אױך אױף שפּייז־פּראָדוקטן.

„מיינט דאָס, אַז מיר זעען אַן איבערגאַנג פון אַ קריזיס צו אַ געוויינטלעכער דעפּרעסיע, וואָס ברענגט נאָך זיך אַ נייעם אױפשטײַג און אַ בליענדיקע אינדוסטריע? ניין, ס'מיינט דאָס ניט. אין יעדן פאַל, אין דער איצטיקער צייט זײַנען ניטאָ קיין אָנגאַבן, דירעקטע אָדער אומדירעקטע, וואָס זאָלן אָנצייגן אַז עס קומט אָן אַן אינדוסטריעלער אױפשטײַג אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. נאָכמער, אורטיילנדיק לױט אַלע זאַכן, קאָנען אַזעלכע אָנגאַבן ניט זײַן, ווייניקסטנס אין דער נאָענטער צוקונפט. זיי קאָנען ניט זײַן, דערפאַר וואָס אַלע אומגינסטיקע באַדינגונגען, וואָס האָבן געשטערט דער אינדוסטריע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער צו שטײַגן אױף וועלכער ניט איז ערנסטער מדרגה, האָבן ניט אױפגעהערט צו ווירקן. איך האָב אין זינען די פאָרזעצונג פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, אױפן באָדן פון וועלכן ס'קומט פאָר דער עקאָנאָמישער קריזיס. דאָס כראָנישע באַטרײַבן די אינדוסטריע אונטער איר קאַפּאַציטעט, די כראָנישע מאַסן־אַרבעטלאָזיקייט, דאָס איבערוועבן זיך פון דעם אינדוסטריעלן קריזיס מיט דעם אַגריקולטורעלן קריזיס, די אָפּוועזנהייט פון טענדענצן אין דער ריכטונג פון אַן ערנסטער באַנייאונג פון גרונט־קאַפּיטאַל, וואָס איז דער אָנזאָגער פון דעם אָנקום פון אַ נייעם אױפשטײַג, א. אַז. וו., א. אַז. וו.

„וואָס מיר באַאָבאַכטן, איז דער איבערגאַנג פון דעם נידעריקסטן פּונקט פון דער ירידה פון דער אינדוסטריע, פון די טיפסטע טיפן פון דעם אינדוסטריעלן קריזיס צו אַ דעפּרעסיע, ניט קיין געוויינטלעכע דעפּרעסיע, אָבער צו אַ דעפּרעסיע פון אַ ספּעציעלן סאָרט, וואָס פירט ניט צו אַ נייעם אױפשטײַג און אַ בליענדיקער אינדוסטריע, וועלכע אָבער פון דער אַנדער זייט ברענגט ניט צוריק צום נידעריקסטן פּונקט פון ירידה.“

דער וועלט־קאַפּיטאַליזם קאָן ניט ארויסקריכן פון קריזיס־זומפּ. די אַלע מיטלען, וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן ביז איצט אָנגענומען (די פאַרגרעסערטע עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער און פאַרמערס, סובסידיעס צו די קאַפּיטאַליסטן און לאַנד־באַזיצער, אינפלאַציע, א. אז. וו.), זיינען ניט געווען בכח צו סטאַביליזירן דעם קאַפּיטאַליזם; זיי האָבן, פאַרקערט, נאָכמער פאַרשאַרפט זיינע איינגעבאָרענע ווידערשפּרוכן. אָט פאַרוואָס די אימפּעריאַליסטן זעען זייער איינציקן אויסוועג אין אַ נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה פאַר אַ מאָנאָפּאָל איבער די אויסלענדישע מערק; אָט פאַרוואָס די גאַנצע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער פינאַנץ־אָליגאַרכיע איז געווענדט אין דער דאָזיקער ריכטונג.

לאָמיר אַ ביסל גענויער באַטראַכטן די דאָזיקע פּאָליטיק.

## די פאַרבאַרייטונגען פאַר דער נייער בלוט־באָד

דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון די פירנדיקע אימפּעריאַליסטישע מלוכות איז אַ ביטערע, פאַרצווייפלטע עקאָנאָמישע מלחמה אין אַלע טיילן פון דער וועלט. די וואָפן אין דער דאָזיקער „פרידלעכער" מלחמה זיינען: טאַריף־רעגולאַציעס, וואַליוטע־מאַכינאַציעס, רעגולירטע קוואָטעס פון עקספּאָרט און אימפּאָרט, סובסידיעס פון רעגירונגען צו טראָסטן און, פאַרשטענדלעך, אַן אינטענסיפיצירטע עקספּלואַטאַציע פון די קאָלאָניאַלע לענדער.

טאַריף־מלחמות און מלחמות איבער אימפּאָרט קוואָטעס זיינען דער כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון דער דאָזיקער „פרידלעכער" מלחמה. מיר ווייסן, אַז דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַ געזעץ, וואָס גיט דעם פּרעזידענט „עמוירדזשענסי"־מאַכט צו באַשיצן די אינטערעסן פון וואָל־סטריט אין די בושעוועדיקע טאַריף־שלאַכטן. דער הויפּט־שונא איז דאָ ענגלאַנד. דער קאַמף צווישן די אַמעריקאַנישע און ענגלישע אימפּעריאַליסטן ווערט געפירט אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אָבער ענגלאַנד פירט אַ „פרידלעכן" קאַמף ניט בלויז מיט די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר אויך מיט די אימפּעריאַליסטן פון אַנדערע לענדער און האָט גענוג האַנדל־צרות אין אירע אייגענע טעריטאָריעס, למשל, דער קאַמף צווישן ענגלאַנד און יאַפּאַן פאַר דעם קאָנטראָל פון דעם קאַטאָן־מאַרק אין אינדיע.

דער דאָזיקער קאַמף ענדיקט זיך ניט מיט אָט־די צוויי הויפּט אימפּעריאַליסטישע לענדער. דייטשלאַנד פירט אַזאַ מין „פרידלעכן" קאַמף

מיט פראַנקרייך, פּוילן און ענגלאַנד. די באַלטישע געגנטן זיינען אויך טיילווייז אַריינגעצויגן אין דעם דאָזיקן קאַמף. און פראַנקרייך זיצט ניט מיט פאַרלייגטע הענט. זי ענטפערט דייטשלאַנד און ענגלאַנד מיט אַ קלאַפּ אַף אַ קלאַפּ.

צו קאָנען אָנפירן די „פרידלעכע" האַנדלס־קאַמפן פּאָמפּען אַריין די רעגירונגען פון די דאָזיקע לענדער הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר אין עקספּאָרט־סובסידיעס. די רוזוועלט־רעגירונג גיט ריזיקע סובסידיעס צו די עקספּאָרטערס פון ווייץ, קאַטן און טאַבאַק; ענגלאַנד סובסידירט דעם עקספּאָרט פון אירע אויל־ און כעמישע קאָמפּאַניעס; איטאַליע סובסידירט דעם עקספּאָרט פון רוי־זייד, א. אַז. וו., א. אַז. וו. איבעריק צו זאָגן, אַז די רעגירונג־סובסידיעס צו די דאָזיקע טראָסטן ווערן געדעקט דורך שווערע שטייערן אַף די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג.

האַנדלס־קאַמפן זיינען די פאָרלויפער פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס איז די פאָרזעצונג פון דער זעלביקער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, נאָר דורך אַנדערע מיטלען. די פאַרשאַרפונג פון די האַנדלס־קאַמפן האָט טאַקע געמאַכט אַ סוף צו די פּאַציפיסטישע אָנשטעלן פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות. אַנשטאָט גלאָצן מיט די אויגן וועגן „אַנטוואָפענונג", האָבן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות אָנגעהויבן אָן אָפענעם געיעג זיך צו באַוואָפענען ביז די ציין; אַנשטאָט מאַלעגיירען וועגן „אייביקן פרידן", האָבן די וואָרט־פירער פון די אימפּעריאַליסטן אָנגעהויבן פּאָכן מיט די שווערדן; אַנשטאָט געהיימע מאַנעוורעס און געהיימע אָפּמאַכן צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון די קעמפנדיקע אימפּעריאַליסטישע גרופּעס אין דער קומענדיקער וועלט־מלחמה, ווערן איצט די מלחמה־אַליאַנצן אָפן צעמענטירט.

די לעצטע „פאַרשטענדיקונג" צווישן היטלער'ס דייטשלאַנד און פּילסודסקי'ס פּוילן עפנט דעם וועג פאַר אַ מער אָפענער קאָמבינאַציע קעגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. נאַצי־דייטשלאַנד האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דעם פאַרזוך צו לייזן די אימפּעריאַליסטישע אַנטאַגאָניזמען אָפּן חשבון פון דער ערשטער אַרבעטער־ און פּויערים־רעפּובליק. ראָזענבערג'ס מעמאָראַנדום צו דער לאָנדאָנער עקאָנאָמישער קאָנפערענץ, אין 1933, איז ניט געווען אַ פּראָדוקט פון אַ צעהיצטן נאַצי־מאַרך, נאָר אַן אָפענער אויסדרוק פון דער אַלגעמיינער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, וואָס זוכט פּטור צו ווערן פון איינעם פון די הויפּט־אַנטאַגאָניזמען פון דער איצטיקער עפּאָכע — די עקזיסטענץ פון אַ סאָציאַליסטישן וועלט־

סעקטאָר; אין דער זעלביקער צייט זוכן די אימפּעריאַליסטן צו עפענען אַ נייעם מאַרק פאַר קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, אַ מאַרק וואָס פאַר־מאָגט 160 מיליאָן נפשות און פאַרנעמט אַ זעקסט־חלק פון דער וועלט.

אַ צענטער פאַר אַ נייער מלחמה־קאָמבינאַציע איז אויך דאָס פאַ־שיסטישע עסטרייך. אַ מלחמה־בלאָק פון דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן און איטאַליע קעגן פראַנקרייך און אירע באַלקאַנישע עליים איז איצט אין פּראָצעס פון פאָרמירונג. דער קאַמף צווישן די דאָזיקע לענדער וועט געפירט ווערן אַרום די פראַגן וועגן באַוואָפענונג, רעווידירונג פון אָפּמאַכן און וועגן דער פעלקער־ליג.

אונז וועט נאָך אויסקומען אומצוקערן זיך צום פאַשיזם אַלס אַן אויסדרוק פון דער מלחמה־סיטואַציע.

אָבער ניט נאָר אין איידראָפּע, אין דרום־אַמעריקע און אין ווייטן מזרח זיינען די סטרונעס אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן. די אָפענע מלחמה צווישן באָליוויע און פּאַראַגוואַי איבער דער גראַן־טשאַקאָ טעריטאָריע איז נאָר איין פּונקט אין דעם ביטערן קאַמף צווישן די אַמעריקאַנישע און ענגלישע אימפּעריאַליסטן פאַר אַ מאָנאָפּאָל איבער דעם דרום־אַמערי־קאַנישן מאַרק. קאָלאָמביאַ און פּערו גרייטן זיך פאַר אַ נייער מלחמה איבער לעטישיע. און ווידעראַמאָל געפינען מיר הינטער דעם דאָזיקן קאַמף די צוויי הויפּט־קאָנקורענטן — ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן. קאָלאָמביאַ רעקרוטירט אָפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן עראָ־פּלאַן־פּילאָטן פאַר איר לופט־פלאָט. אין דער זעלביקער צייט פירן די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן אַ ביטערע קאָנקורענץ אין דרום־אַמעריקע מיט אַ צאָל אַנדערע אייראָפּייאישע מלוכות און הויפּטזאַכלעך מיט יאַפּאַן, וואָס האָט אָנגעהויבן אַלץ מער אַריינצודרינגען מיט איר „דאָמפּינג״ אין דרום־אַמעריקע. די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן קעמפן מיט ציין און נעגל ניט צו פאַרלירן אָט־דעם רייכן מאַרק.

און נאָכמער שאַרף און אָנגעצויגן איז די לאַגע אין ווייטן מזרח. ניט געקוקט אַף די העפלעכע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס צווישן טאָקיאָ און וואַשינגטאָן, גרייטן זיך די אימפּעריאַליסטן פוןביידע לענדער פאַר דעם אומפאַרמיידלעכן קאַמף איבער דעם קאָנטראָל פון פּאַסיפיק. יאַפּאַן האָט גאַנץ העפלעך, נאָר זייער פעסט, מודיע געווען ענגלאַנד און די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אַז זי וועט אָפּברעכן דעם פלאָטן־אָפּמאַך נאָך איידער ער ענדיקט זיך אין 1936, אויב זי וועט ניט קריגן קיין גלייכע פּאָזיציע מיט זיי אין דער פראַגע פון פלאָטן־באַוואָפענונג.

אָבער צום שטאַרקסטן זיינען די פּראָוואָקאַציעס פון יאַפּאַן קעגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. ס'גייט כמעט ניט אַריבער אַ טאָג אָן אַ נייער פּראָוואָ־קאַציע. די יאַפּאַנעזישע מאַריאָנעטן־רעגירונג אין מאַנדזשוריע פּראָ־טעסטירט קעגן כלומרשטדיקע „לופט־אַטאַקעס" אויף אירע גרענעצן; מען שיקט פּראָוואָקאַטאָרס צו שיסן דורך אַ פענצטער אין יאַפּאַנעזישן קאָנ־סולאַט, ווען קיינער איז דאָרטן ניטאָ, און מען פּראָטעסטירט און מען פאָדערט פאַרזיכערונגען, אַז דאָס וועט מער ניט פאָרקומען. אין צווישן מאַכט יאַפּאַן אַלע פאָרברייטונגען פאַר אַן אָפענסיווע קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, בויענדיק מיליטערישע וועגן צו די סאָוועטישע גרענעצן, מאָבי־ליזירנדיק אַ ריזיקע אַרמיי אין מאַנדזשוריע בײַ די סאָוועטישע גרענעצן, אָפּזאָגנדיק זיך אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך מיט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס זאָל פאַרזיכערן ביידע לענדער פון אָנפאַלן איינע אויף דעם צווייטן.

אין מזרח און אין מערב ווערט צוגעגרייט די אַטאַקע אויף דער איינ־ציקער אַרבעטער־ און פויערים־רעפּובליק. אונז וועט אויסקומען שפּעטער צו ריידן וועגן דער ראָל און וועגן דער פרידלעכער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס איז איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן אין שטערן און אָפּ־האַלטן דעם אויסברוך פון דער נייער וועלט־מלחמה.

## דער גײַעג נאָך באַוואָפענונג

מלחמה און פּראָספּעריטי איז געוואָרן דער לאָזונג פון די אימפּעריאַ־ליסטן פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אַלע פּראָפּאַגאַנדע־אַגענטורן פון קאַפּיטאַליזם זיינען איצט באַשעפטיקט צו אידענטיפיצירן די דאָזיקע צוויי באַגריפן אין די מוחות פון די מאַסן. מען זוכט ניט נאָר צוצוגרייטן די מאַסן צו דער קומענדיקער אימפּעריאַליסטישער מלחמה דורך האַלטן פאַר זייערע אויגן דעם שאָטן פון „פּראָספּעריטי", נאָר אויך צו באַ־רעכטיקן די ריזיקע אוצרות, וואָס ווערן אַריינגעלייגט אין מלחמה־צו־גרייטונגען, וואָס ווערן געדעקט דורך שווערע שטייערן אויף די הונגערנדיקע, נויטליידנדיקע מאַסן.

אַ פּאָר ביישפּילן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן גײַעג נאָך באַוואָפענונג:

אין דייטשלאַנד אַרבעטן די אַמוניציע־ און כעמישע פאַבריקן איבער־צייט. מיליטערישע אַפּראָפּריאַציעס זיינען געשטיגן פון 674 מיליאָן מאַרק אין 1930 ביז 750 מיליאָן מאַרק אין 1933 און 1,355 מיליאָן מאַרק פאַרן יאָר 1934.

פראַנקרייך. אין פּאַריז ווערן געבויט 25,000 שוץ־פּלעצער קעגן גאַז־

אטאקעס. מען האָט אָנגעהויבן בויען נייע 4 קריגס־שיפן און 125 מייל פון נייע באפעסטיקונגען אפן מזרח־גרענעץ. פראנקרייך האָט פארגרע־סערט איר לופט־פלאָט און האָט אָנגעזאמלט א ריזיקן זאפאס אמוניציע. די פּראָפיטן פון אמוניציע־פאבריקאנטן שניידער־קרוזאָ האָבן אין דעם יאָר, וואָס האָט זיך געענדיקט דעם ערשטן אפּריל 1933, באטראָפן 25,400,000 פראנק. די דאָזיקע פאבריקאנטן האָבן לעצטן יאָר געצאָלט א הונדערט פראנק פער אקציע אין דיווידענדן.

אין ענגלאנד פאָדערט די אדמיראליטעט נייע 25 שלאכט־קרייצערס און פארלאנגט אז מען זאָל אָנהויבן בויען 3 נייע קאנאלן פאר סטרא־טעגישע צוועקן. אין ענגלאנד ווערן איצט געבויט 160 נייע מיליטערישע עראָפּלאנען. איין ענגלישע אמוניציע־פאבריק האָט געקראָגן פאר 40 מיליאָן פונט באשטעלונגען. „אימפּיריעל קעמיקאל לימיטעד" באריכטעט וועגן דער גרעסטער נעט־איינקונפט אין איר געשיכטע.

אין טשעכאָסלאָוואקיע ארבעט די „סקאָדא" אמוניציע־פאבריק טאָג און נאכט. די דאָזיקע פאבריק ארבעט אף די באשטעלונגען פון דריי אייראָפּייאישע לענדער.

אין איטאליע פארענדיקט מען בויען 9 שווערע און 10 לייכטע קרייצערס, און מוסאָליני זאָגט צו צו בויען נאָך. ער פארמעסט זיך אָנ־צוזאָגן פראנקרייך אין פלאָטן־באוואָפענונג און האָט דערקלערט, אז ער וועט בויען א קריגס־שיף פאר יעדער קריגס־שיף וואָס פראנקרייך וועט בויען.

די נייע פלאָטן־פּראָגראם פון יאפאן שליסט איין: 2 נייע עראָפּלאן־טרעגער, 2 לייכטע קרייצערס, 14 צעשטערער, 6 סאָבמארינס און א גאנצן פלאָט טאָרפּידאָ־שיפלעך. די אויסשטאטונג פון דער ארמיי מיט טאנקעס ווערט פארגרעסערט אף 100 פּראָצענט. דער מיליטערישער בודזשעט פון דער יאפּאנעזישער רעגירונג פאר דעם לויפנדיקן יאָר (460 מיליאָן דאָלאר) איז דער גרעסטער בודזשעט, וואָס יאפּאן האָט געהאט אין איר געשיכטע, אין פרידנס־צייטן. די פּראָפּיטן פון „מיטסואי און קאָמפּאניע", וואָס איז פארבונדן מיט דער בארימטער ענגלישער אמוניציע־פאבריק, „וויקערס־ארמסטראָנג", זיינען אין דעם האלב יאָר, וואָס האָט זיך פארענדיקט דעם 31טן אָקטאָבער 1933, פארגרעסערט געוואָרן אף 100 פּראָצענט.

די פאראייניקטע שטאטן זיינען, פארשטענדלעך, ניט נאָר ניט הינטערשטעליק, נאָר אין די ערשטע רייען אין דעם געיעג נאָך באוואָפע־נונג. דער רעגולערער בודזשעט פאר דער ארמיי, דעם פלאָט, אוויאציע,

א. אז. וו., באַטרעפט דעם יאָר 885 מיליאָן דאָלאַר. אָבער די דאָזיקע סומע גיט אונז אפילו ניט קיין באַגריף וועגן דער גרויס פון די מיליטערישע אויסגאַבן. אונטער דער מאַסקע פון „געזעלשאַפטלעכע ארבעטן" ווערט מען אויסגעבן העכער א ביליאָן דאָלאַר פאַר באַוואָפענונג. אונטער „געזעלשאַפטלעכע ארבעטן" ווערן פאַררעכנט די 238 מיליאָן דאָלאַר, וואָס דער קאָנגרעס האָט אַפּראָפּריאירט אַף בויען נייע קריגס־שיפן; 15 מיליאָן דאָלאַר פאַר נייע עראָפּלאַנען; 10 מיליאָן דאָלאַר פאַר מיליטערישע מאָטאָר־טראָקס און צענדליקער מיליאָנען מער פאַר ברעג־סטאַנציעס, פאָרטיפיקאַציעס פון די ים־ברעגן, סיוויל קאָנסערוויישאָן קעמפּס, א. אז. וו., א. אז. וו.

אויב דאָס איז נאָך ווייניק, האָבן מיר נאָך דעם „ווינסאָן פלאָטן־אַקט", וואָס ווערט באַצייכנט אלס די „גרעסטע געזעצגעבונג פאַר פלאָטן־געבוי אין פרידלעכע צייטן". דער דאָזיקער אַקט אויטאָריזירט צו בויען אין די נעקסטע 5 יאָר נייע 102 קריגס־שיפן (אין צוגאָב צו די 52, וואָס ווערן איצט געבויט מיט די פאָנדן פאַר געזעלשאַפטלעכע ארבעטן) און 1,184 עראָפּלאַנען. אין דעם ערשטן יאָר פון דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע האָט מען שוין אַפּראָפּריאירט פאָנדן פאַר 188 נייע קריגס־שיפן. אין יעדן פון די קומענדיקע 7 יאָר, אויב אפילו ס'וועלן מער ניט געמאַכט ווערן קיין אַפּראָפּריאַציעס פאַר נייע קריגס־שיפן, וועט דער פלאָטן־בודזשעט זיין 3 מאָל אזוי גרויס ווי ערב דער וועלט־מלחמה.

מיר האָבן די גאַנצע צייט גערעדט וועגן פלאָטן־באַוואָפענונג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. אָבער די רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע פאַרזעט חלילה ניט די ארמיי. די רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע גרייט באַוואוסטזיניק צו די ארמיי ניט בלויז פאַר דער קומענדיקער מלחמה, נאָר פאַר באַקעמפן יעדן מעגלעכן ווידערשטאַנד פון די אַמעריקאַנער מאַסן קעגן די פּלענער פון די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן. ניט אומזיסט פילן זיך די אַמעריקאַנער מיליטאַריסטן אפן זיבעטן הימל. אָט שרייבט איינער פון זיי, מר. וואודרינג, דער געהילף קריגס־סעקרעטאַר:

„דערלויבט מיר צו ריידן אָפן! אויב דעם לאַנד זאָל דראָען אן אויסלענדישע מלחמה, עקאָנאָמישער כאַאָס, אָדער סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט די ארמיי די טרענירונג, די דערפאַרונג, די אָרגאַניזאַציע און די מענטשן צו שטיצן די רעגירונג און פירן דאָס לאַנד אין די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. . . . די ארמיי איז לאָיאַל, גרייט און פייאיק ניט נאָר צו שטיצן די קאָנסטיטואירטע רעגירונג, נאָר

צו אָרגאַניזירן דאָס לעבן פון לאַנד אַזוי, אַז זי זאָל באַשיצן דאָס פאָלק פון הונגער און אומרוען." („ליבערטי", יאַנואַר 6, 1934.)

אונטערפירנדיק אַ סך הכל פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער וועלט־סיטואַציע, מוזן מיר קומען צום אויספיר, וואָס איז אַזוי קלאָר פאָרמולירט אין די טעזיסן פון דעם 13טן פּלענום פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל:

„די בורזשואַזיע וויל אָפּלייגן דעם אונטערגאַנג פון קאַפּי־טאַליזם דורך אַ קרימינעלער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער קאַמפּאַניע קעגן לאַנד פון זיגרייכן סאָציאַ־ליזם. די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם איז צו מאָביליזירן די ברייטע מאַסן קעגן מלחמה נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און דורך דעם פאַרשנעלערן דעם אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם. בלויז אַ באָלשעוויסטישער קאַמף איידער אַ מלחמה האָט נאָך אויסגעבראָכן, פאַר דעם טריאומף פון רעוואָלוציע, קאָן פאַרזיכערן דעם זיג פון אַ רעוואָלוציע, וואָס ברעכט אויס אין פאַרבינדונג מיט מלחמה."

* * *

אין דער דאָזיקער אַרבעט ווילן מיר קלאָר מאַכן די פּראָבלעמען, וועלכע שטייען פאַרן אַרבעטער־קלאַס אין פאַרבינדונג מיטן קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות, וואָס וועט אונז העלפן בעסער דורכפירן די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס — „מאָביליזירן די ברייטע מאַסן קעגן מלחמה נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און דורך דעם פאַרשנעלערן דעם אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם."

# די פרינציפיעלע שטעלונג פון קאמוניזם צו מלחמות

„די גרעסטע שוועריקייט," האט לענין געשריבן סוף 1922, אין איינער פון זיינע לעצטע ארבעטן, וואס באהאנדלט די מלחמה־פראגע („די האגער אינסטרוקציעס"), איז בייצוקומען דעם פאראורטייל, אז דאס איז א פראגע אן איינפאכע, א קלארע און פארהעלטניסמעסיק א גרינגע."

יעדער דעמאגאג, יעדער פארפירער, שטעלט זיך ארויס אלס קעמפער קעגן מלחמה. טאקע דערפאר וואס אימפעריאליסטישע מלחמות זיינען דער גרעסטער אומגליק, די גרעסטע קאטאסטראפע פאר די ברייטע מאסן און רופן דעריבער ארויס זייער אומצופרידנקייט — אט דעריבער טאקע איז נויטיק פאר דעם הערשנדיקן קלאס, אז צוזאמען מיט דער ריזיקער פראפאגאנדע פאר מלחמה, זאל געפירט ווערן א כלומרשטדיקע אפאזיציע קעגן מלחמה. די דאזיקע כלומרשטדיקע אפאזיציע, די הויך־קלינגענדיקע פראזן קעגן מלחמה פון דעמאגאגן און פארפירער, העלפן בארואיקן די מאסן, אפציען זייער אויפמערקזאמקייט פון די מלחמה־מאכינאציעס פון די רעגירונגען, אזוי אז ווען די מלחמה ברעכט אויס איז עס א פאר־העלטניסמעסיק לייכטע זאך פאר דעם הערשנדיקן קלאס צו פאר'שיכור'ן דעם גרעסטן טייל פון די מאסן דורך מלחמה־פאטריאטיזם און שאוויניזם און דערשטיקן יעדן אויסדרוק פון אפאזיציע.

ווער קעמפט קעגן מלחמה?

ווי אזוי דארף דער קאמף קעגן מלחמה געפירט ווערן?

אין דער איצטיקער מלחמה־סיטואציע זיינען דאס פראגן פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאר יעדן ארבעטער, פאר יעדן הארעפאשניק, פאר יעדן אויפריכטיקן קעגנער פון אימפעריאליסטישער מלחמה. די ארבעטער מוזן זיך אויסלערנען צו אונטערשיידן צווישן די וואס פירן באמת א קאמף קעגן מלחמה און די דעמאגאגן און פארפירער, וואס קלאפן מיטן צונג וועגן קאמף קעגן מלחמה, אבער העלפן אין דער ווירקלעכקייט די אימ־פעריאליסטן בעסער צוצוגרייטן די מלחמה.

אט שרייען די „סאציאליסטן", אז זיי זיינען קעמפער קעגן מלחמה. און פאציפיסטן מכל המינים טענה'ן, אז זיי זיינען דאס טאקע די אמת'ע קעגנער פון מלחמה, און דערפאר די עכטע קעמפער קעגן מלחמה.

נאכמער, סיי די סאציאליסטן, סיי די פאציפיסטן האלטן אין איינ־

שמועסן די מאסן, אז מען דארף זיך שטארק היטן פאר די קאמוניסטן און דעם קאמף, וואס זיי פירן קעגן מלחמה, מחמת די קאמוניסטן זיינען כלומרשט ניט קיין קעגנער פון מלחמה; קאמוניסטן, טענה'ן זיי, זיינען ניט נאר ניט קיין קעגנער פון מלחמה, נאר זיינען, פארקערט, אנהענגער פון מלחמה, ווארים אן מלחמה איז אוממעגלעך צו מאכן א רעוואלוציע, און אזוי ווי קאמוניסטן זיינען אנהענגער פון רעוואלוציע, זיינען זיי דעריבער אויך אנהענגער פון מלחמה.

צום באדויערן נעווינט די דאזיקע פראפאגאנדע קעגן די קאמוניסטן און זייער שטעלונג צו מלחמות אן אנהאלט אף מאסן. א סך ארבעטער גלויבן באמת, אז קאמוניסטן זיינען אנהענגער פון מלחמה, דערפאר וואס אן א מלחמה איז אוממעגלעך צו מאכן א רעוואלוציע; אפילו צווישן מאנכע רעוואלוציאנערע, קלאסן־באוואוסטזיניקע ארבעטער איז פאר־שפרייט די דאזיקע מיינונג.

ס'איז קלאר פארוואס סאציאליסטן און פאציפיסטן סטארען זיך אזוי שטארק צו שאפן בא די מאסן אט־דעם איינדרוק וועגן דער שטעלונג פון אינטערנאציאנאלן קאמוניזם צו מלחמה. אויב זיי זאל זיך איינגעבן צו שאפן בא די מאסן אן אומצוטרוי צום קאמף פון די קאמוניסטישע פארטייען קעגן אימפעריאליסטישער מלחמה, וועלן זיי האבן דערפילט זייער אויפגאבע אין די אינטערעסן פון די אימפעריאליסטן. דער קאמו־ניסטישער אינטערנאציאנאל און זיינע סעקציעס אין די קאפיטאליסטישע לענדער זיינען דער איינציקער כח, וואס שטערט די אימפעריאליסטישע פלענער פון די קאפיטאליסטישע רעגירונגען, דער איינציקער כח, וואס מאביליזירט און גרייט צו די מאסן פאר אן אמת'ן קאמף קעגן אימפעריא־ליסטישער מלחמה. די סאציאליסטן און פאציפיסטן טוען די ארבעט פון די אימפעריאליסטן, ווען זיי זוכן אפצוציען די מאסן פון דעם דאזיקן קאמף. אט פארוואס ס'איז נויטיק, אז יעדער קלאסנבאוואוסטזיניקער ארבעטער זאל פארשטיין די פארבינדונג צווישן מלחמה און רעוואלוציע און זייער קעגנזייטיקע ווירקונג, צו פארשטיין די שטעלונג פון דער קאמו־ניסטישער באוועגונג צו דער דאזיקער העכסט וויכטיקער פראגע.

## זיינען רעוואלוציעס אוממעגלעך אן מלחמות?

די שטעלונג פון אינטערנאציאנאלן קאמוניזם צו מלחמה איז באזירט אף לענינ'ס און מארקס'עס לערע וועגן מלחמה. איז אמת, אז לענין האט געהאלטן, אז נייע רעוואלוציעס זיינען בכלל ניט מעגלעך אן מלחמה, אז

דער נעקסטער רעוואָלוציאָנערער אויסברוך איז פאַרבונדן בלויז מיט דער קומענדיקער אימפּעריאַליסטישער מלחמה? ניין, דאָס איז ניט אמת.

ניט לענין, ניט מאַרקס האָבן קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז רעוואָלוציעס ווערן געבוירן נ אָ ר דורך מלחמות, וואָרים ביידע האָבן שטענדיק אַנאַליזירט די סאָציאַלע באַזע פון יעדער געזעלשאַפטלעכער דערשיינונג.

וואָס איז די סאָציאַלע באַזע, דער באַוועגנדיקער כח פון יעדער רעוואָלוציע? דער באַוועגנדיקער כח פון רעוואָלוציע זיינען די קלאַסן־קעגנזאַצן, דער קלאַסן־קאַמף. אַ מלחמה קאָן אין געוויסע לענדער, אונטער געוויסע באַדינגונגען פאַרשנעלערן אַ רעוואָלוציע. אָבער שאַפן אַ רעוואָלוציע שאַפט דער קלאַסן־קאַמף, וואָס איז באַזירט אױף קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען.

אין די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה, ווען לענין האָט געפירט זיין מעכטיקן קאַמף קעגן די פאַררעטער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווען ער האָט צוריק אויפגעשטעלט די לערע פון קאַרל מאַרקס וועגן מלחמה, וואָס די אָפּאָרטוניסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן געפעלשט, און האָט אויסגעאַרבעט די טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין אימפּעריאַליסטישע מלחמות, האָט ער אין איינער פון זיינע קלאַסישע אַרבעטן, „די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע און דאָס רעכט פון נאַציעס אױף זעלבסטבאַשטימונג”, געשריבן:

„אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע קאָן זיך פאַנאַנדערברעכן ניט נאָר צוליב אַ גרויסן סטרייק, אָדער אַ גאַס־דעמאָנסטראַציע, אָדער אַ הונגער־בונט, אָדער אַ מיליטערישן אויפשטאַנד אָדער אַ קאָלאָניאַלן אויפשטאַנד — נאָר צוליב וועלכן ניט איז פּאָליטישן קריזיס פון דעם מין ווי דער דרייפוס־פּראָצעס, אָדער דער צאַבערן־אינצידענט, אָדער אין פאַרבינדונג מיט אַ רעפערענדום וועגן אָפּטיילן אונטערדריקטע נאַציעס, א. אז. וו.”*)

ווען לענין האָט אַנאַליזירט די סיבות, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט דעם דערפאָלג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע („קינדער־קראַנקהייטן פון

*) לענין, באַנד 19, זייט 39, צווייטע רוסישע אויפלאַגע. (באַמערקונג: אַלע לענין־ציטאַטן אין דעם בוך זיינען גענומען פון דער צווייטער רוסישער אויפלאַגע.)

לינקיזם"), ווייזט ער אָן אויף 4 פאַקטאָרן, 4 „ספּעציפישע באַדינגונגען", ווי לענין דריקט זיך אויס, וואָס האָבן בייגעטראָגן צום זיג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע:

1) די מעגלעכקייט צו פאַראייניקן די סאָוועטישע איבערקערעניש מיט דעם סוף, וואָס זי האָט געמאַכט צו דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וועלכע האָט אויסגעמאַטערט די אַרבעטער און פּויערים.

2) די מעגלעכקייט אויסצונוצן פאַר אַ געוויסער צייט דעם קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן די צוויי מעכטיקע גרופּן אימפּעריאַליסטישע רויבער.

3) די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אַ פאַרהעלטנישמעסיקן לאַנגן בירגער־קריג, טיילווייז צוליב דער גיגאַנטישער גרויס פון לאַנד און די שלעכטע פאַרקער־מיטלען.

4) די אָנוועזנהייט פון אַ טיפער בורזשואזע־דעמאָקראַטישער, רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן פּויערטום, וואָס האָט געגעבן דער פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס די מעגלעכקייט צו נעמען רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען פון דער פּויערים־פּאַרטיי . . . און זיי גלייך פאַרווירקלעכן אַ דאַנק דעם וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט פאַרכאַפּט די פּאָליטישע מאַכט.

אין דעם דאָזיקן אַנאַליז שפּילט די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אַ גרויסע ראָל, אָבער ניט די א י י נ צ י ק ע ראָל און אפילו ניט די הויפּט־ראָל. לענין זעט אַלע פאַקטאָרן, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט דעם זיג פון סאָציאַליזם אין דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד.

אין דעם זעלביקן ווערק, „די קינדער־קראַנקהייטן פון לינקיזם", גיט אונז לענין אַ קלאַסישע פאָרמולירונג פון די באַדינגונגען, וואָס זיינען נויטיק פאַר אַ רעוואָלוציע — „דער גרונט־געזעץ פון רעוואָלוציע", רופט ער עס אָן:

דער גרונט־געזעץ פון רעוואָלוציע, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַלע רעוואָלוציעס און באַזונדער דורך אַלע דריי רוסישע רעוואָלוציעס אין 20טן יאָרהונדערט, באַשטייט אָט אין וואָס: פאַר אַ רעוואָלוציע איז ניט גענוג, אַז די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע מאַסן זאָלן ווערן באַוואוסטזיניק וועגן דער אוממעגלעכקייט צו לעבן אויפן אַלטן אופן און פאָדערן ענדערונגען; פאַר דער רעוואָלוציע איז נויטיק, אַז די עקספּלואַטאַטאָרס זאָלן מער ניט קאָנען לעבן און פאַרוואַלטן אויף דעם אַלטן אופן. בלויז דעמאָלט, ווען די „אונטערשטע" ו ו י ל ן נ י ט דאָס אַלטע און די

„אויבערשטע" קאָנען ניט לויטן אַלטן — בלויז דעמאָלט קאָן אַ רעוואָלוציע זיגן. אַנדערש קאָן מען אויסדריקן דעם דאָזיקן אמת מיט די ווערטער: אַ רעוואָלוציע איז אוממעגלעך אָן אַן אַל־נאַציאָנאַלן (וואָס רירט אָן סיי די עקספּלואַטירטע, סיי די עקס־פּלואַטאַטירער) קריזיס."*)

מיר זעען, אַלזאָ, אַז ווען לענין רעדט וועגן אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, דערקלערט ער, אַז זי קאָן זיך אָנהויבן ניט נאָר פון אַ מיליטערישן אויפשטאַנד, אָדער פון אויפשטאַנד אין די קאָלאָניעס, נאָר פון אַ גרויסן סטרייק, פון אַ פּאָליטישן קריזיס, א. אז. וו. ווען ער דעפינירט דאָס געזעץ פון רעוואָלוציע, די אומפאַרמיידלעכע באַדינגונגען פון רעוואָלוציע, דערמאָנט ער אפילו ניט, אַז מלחמה מוז זיין איינע פון די באַדינגונגען. אָבער לענינס פאָרמולירונגען שליסן ניט אויס מלחמה. לענין, פּונקט ווי מאַרקס, האָט געהאַלטן, אַז מלחמה, אונטער געוויסע באַדינגונגען, קאָן אַ סך פאַרשנעלערן און פאַרטיפערן אַ רעוואָלוציע. אַלס ביישפּיל קאָן מען נעמען די דערפאַרונג אין דער רוסישער רעוואָלוציע:

די באָלשעוויקעס זיינען באַם אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה ארויסגעקומען מיטן לאָזונג: דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום אין רוסלאַנד; צום סוף פון דער וועלט־מלחמה האָבן זיי דורכגעפירט אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט ניט נאָר פאַרשנעלערט, נאָר אויך פאַרטיפערט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און אַזוי אַרום מעגלעך געמאַכט דעם שנעלן איבערגאַנג פון דער בורזשואַזער־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער רוסלאַנד איז געווען רייף, אין אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

אַז לענין האָט זיין געזעץ וועגן רעוואָלוציע פאָרמולירט ניט נאָר פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, נאָר פאַר רעוואָלוציעס בכלל, פאַר רעוואָלוציעס אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווערט קלאָר, ווען ער רעדט אין דעם זעלביקן ווערק וועגן דער לאַגע אין ענגלאַנד. אין ענגלאַנד, שרייבט לענין, „וואַקסן קלאָר אָןביידע באַדינגונגען פאַר אַ דערפאָלגרייכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע,"**) ד. ה. די „אונטערשטע" ווילן מער ניט דאָס אַלטע און די „אויבערשטע" קאָנען מער ניט לויטן אַלטן. זיין ווערק „די קינדער קראַנקהייטן פון לינקיזם" האָט לענין געשריבן

*) לענין, באַנד 25, זייט 223.
**) דאָרטן, זייט 224.

אין 1920, ווען ס'האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן אַ מלחמה אין ענגלאַנד. דער ענגלישער גענעראַל־סטרייק, אין 1926, האָט געקאָנט שפּילן אַן אנטשיידנדיקע ראָל אין פאַרשנעלערן די סאָציאַליסטישע רע־וואָלוציע אין ענגלאַנד. אַזאַ ראָל האָט אויך געקאָנט שפּילן דער לעצטער סטאַוויסקי־סקאַנדאַל אין פראַנקרייך. דער אויפשטאַנד אין עסטרייך, וואָס וואָלט זיכער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דערפאָלגרייכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, ווען ניט דער פאַרראַט פון די סאָציאַליסטישע פירער, איז פאָרגעקומען אָן אַ מלחמה.

אַ מלחמה קאָן פאַרשנעלערן די אַנטוויקלונג פון אַ רעוואָלוציע, אָבער איז לחלוטין ניט קיין פאָרבאַדינג פון רעוואָלוציע. פון דער אַנדער זייט קאָן אַ רעוואָלוציע ברענגען מיט זיך מלחמות. אָן שום ספק וואָלט דער אויפשטאַנד אין עסטרייך, ווען ער וואָלט זיך פאַרענדיקט מיט אַ זיג־רייכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, אַרויסגערופן אַ מלחמה, וואָלט מעגלעך געווען דער פונק, וואָס וואָלט אָנגעצונדן די נייע אימפּעריאַליס־טישע וועלט־מלחמה. אָבער קאָמוניסטן זיינען ניט קיין פּאַציפיסטן, זיי זאָגן זיך ניט אָפּ פון רעוואָלוציאָנערע מלחמות, ווען ס'זיינען פאַראַן פאַר דעם די נויטיקע היסטאָרישע באַדינגונגען. אָבער זאָגן, אַז אָן מלחמות זיינען רעוואָלוציעס אוממעגלעך, מיינט פאַרקריכן אין זומפּ פון אָפּאָרטוניזם.

פאַרוואָס?

דערפאַר וואָס אַזאַ טעאָריע העלפט אָפּציען די אַרבעטער פון רעוואָ־לוציאָנערן קאַמף. וואָרים אויב די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז ניט מעגלעך אָן אַ מלחמה, פאַרוואָס ניט אָפּלייגן דעם קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע ביז ס'וועט אויסברעכן אַ מלחמה? אַזאַ טעאָריע האָט דעריבער קיין שום געמיינשאַפטלעכעס ניט מיטן לעניניזם.

ניט אומזיסט ליאַרעמען די פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז די הויפּט־איינשטעלונג פון קאָמוניזם איז אויף מלחמה. דאָס דינט זיי פאַר אַ צוויייאיקן צוועק: פון איין זייט העלפט עס זיי שאַפן באַ די ברייטע מאַסן אַן אומצוטרוי צו די קאַמפן פון די קאָמו־ניסטן קעגן מלחמה, וואָס איז אויסערגעוויינטלעך וויכטיק פאַר דער בורזשואַזיע אין אירע צוגרייטונגען צו דער נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה; פון דער אַנדערער זייט אונטערגראָבט עס דעם קאַמף פון געוויסע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס, וועלכע הויבן אָן צווייפלען, צי עס

איז בכלל מעגלעך צו פירן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף אויסער די באַ־דינגונגען פון מלחמה.

מיר מוזן קלאָר מאַכן פאַר די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, אַז רעוואָ־לוציעס זיינען מעגלעך אויך אָן מלחמות, אָבער מלחמות אין דער איצ־טיקער עפּאָכע זיינען שוין אוממעגלעך אָן רעוואָלוציעס. אין יעדן פאַל איז עס די פליכט פון דעם רעוואָלוציאָנערן אוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס, פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם, צו אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער־קלאַס פאַר רעוואָלוציאָנערע קאַמפן, וואָס זאָלן מאַכן אוממעגלעך אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה, וועלכע זאָל זיך ניט פאַרענדיקן מיט אַ פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס זאָלן מאַכן מעגלעך אויסצונוצן יעדע בור־זשואַזע מלחמה פאַר די צוועקן פון רעוואָלוציע.

## זיינען קאָמוניסטן פאַר, אָדער קעגן מלחמה?

אַ סאָציאַליסט, אָדער פּאַציפיסט קאָן דענקען, אַז ער קאָן אונז צו־דריקן צו דער וואַנט: וואָס חקרנ'ט איר וועגן מלחמה־רעוואָלוציע, רעוואָ־לוציע־מלחמה, זאָגט אונז: זייט איר פאַר מלחמה, אָדער קעגן מלחמה?

אָבער אַזוי שטעלן די פראַגע קאָנען נאָר קליינבירגערלעכע פּאָליטי־קער, וואָס זיינען אָדער פאַר יעדער מלחמה פון זייער אייגענער בור־זשואַזיע; אָדער דערקלערן, אַז זיי זיינען „פּרינציפּיעל״ קעגן יעדער מלחמה, — אַז זיי זיינען פּאַציפיסטן. קאָמוניסטן זיינען ניט „פאַר״, ניט „קעגן״ מלחמה בכלל, נאָר באַטראַכטן יעדע מלחמה קאָנ־קרעט. זייער באַציאונג צו יעדער קאָנקרעטער מלחמה דרינגט אַרויס פון די קלאַסן־אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט.

לענין שרייבט אין פאַרבינדונג מיט דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה פון 1904-1905:

„מלחמה אַן און פאַר זיך — אומאָפּהענגיק פון איר היס־טאָרישן באַדייט, איז אַ גרויסער פאָלקס־אומגליק. זי וועט אַוועק־טראָגן צענדליקער און הונדערט טויזנטער יונגע לעבנס, זי רואינירט די פאַמיליעס פון די גע'הרג'עטע און פאַרקריפּלטע, צונעמענדיק באַ זיי די אַרבעטער; זי שטעלט אָפּ דאָס אינדוסטריעלע לעבן פון לאַנד, אַרויסוואַרפנדיק אַפן גאַס גאַנצע אַרמייען אַרבעטלאָזיקע; זי פאַרשלינגט אָן אַ זינען ביליאָנען פאָלקס־געלדער. יאָ, מלחמה — דאָס איז אַ גרויסער פאָלקס־אומגליק. אָבער אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט קאָן ניט באַטראַכטן מלחמה אומאָפּהענגיק פון איר היסטאָרישן באַ־

דייט. פאר אים קאָן ניט זיין קיין אבסאָלוטער אומגליק, ווי עס קאָן ניט זיין קיין אבסאָלוטער וואוילזיין, קיין אבסאָלוטער אמת. ער דארף באטראכטן און אָפּשאצן דעם באדייט פון מלחמה פון שטאנדפונקט פון די אינטערעסן פון זיין קלאס, פון די אינטערעסן פון פראָלעטאריאט, די אינטערעסן פון זיין אנטוויקלונג און באַפרייאונג. ער דארף אָפּשאצן מלחמה ניט לויט דער צאָל קרבנות, נאָר לויט אירע פּאָליטישע רעזולטאטן. העכער פון די אינטערעסן פון פערזאָנען, וואָס ווערן פארלאָרן און ליידן פון מלחמה, דארפן שטיין די אינטערעסן פון קלאס. און אויב די געגעבענע מלחמה דינט די אינטערעסן פון פראָלעטאריאט, ווי א קלאס, פון דעם פראָלעטאריאט אלס גאנצן, אויב זי באפרייט אים פון א טייל פון זיינע קייטן, גיט אים די פרייהייט פון קאמף און אנטוויקלונג, איז אזא מלחמה א דערשיינונג א פּראָגרעסיווע, אומאָפּהענגיק פון די קרבנות און די ליידן, וואָס זי ברענגט מיט זיך.״ *)

לענין האָט אונז דאָ געגעבן דעם קלאסן־צוגאנג צו מלחמה. אָבער דאָס מיינט ניט, אז לענין האָט ניט געהאַט קיין פּרינציפּיעלע שטעלונג צו מלחמה, אז דער לעניניזם האָט ניט קיין שטאַדפונקט אין דער פראַגע וועגן די סיבות פון מלחמה אין דער היינטיקער געזעלשאפט, אז אים קימערט ניט די פראַגע, צי מלחמות וועלן „אייביק״ עקזיסטירן, א. אז. וו.

## קאַפּיטאַליזם איז די סיבה פון מלחמות

וואָס איז דער וואָרצל פון מלחמות אין דער היינטיקער געזעלשאפט? לענין ענטפערט אויף דעם: דער וואָרצל פון מלחמות איז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, די דאָזיקע הויך־אנטוויקלטע פאָרם פון א קלאסן־געזעלשאפט, וואָס איז באזירט אויף פּריוואַט־אייגנטום פון פּראָדוציר־מיטלען. דער קאַפּיטאַליזם איז די סיבה פון מלחמות אין צוויי הינזיכטן. ערשטנס, דערפאר וואָס פּריוואַט־אייגנטום טראָגט אין זיך קאָנקורענץ צווישן קאַפּיטאַליסטן און מלחמות צווישן מלוכות. צווייטנס, דערפאר וואָס דער קאַפּיטאַליזם איז א קלאסן־געזעלשאפט, וואָס איז באזירט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון איין קלאס — פון פּראָלעטאַריאַט, דורך א צווייטן קלאס — די בורזשואַזיע.

---

*) לענין, „פרידן און רעאַקציע״, באַנד 6, זייט 457; ערשטע רוסישע אויסגאַבע.

אַט ווי לענין, אין אַן אַרטיקל „וועגן דעם לאָזונג פון אַ פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע", דערקלערט עס:

„קאַפּיטאַליזם איז פּריוואַט־אייגנטום אויף די פּראָדוציר־מיטלען און אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע. פּריידיקן אַן „ערלעכע" פאַר־טיילונג פון איינקונפט אויף אַזאַ באַזע איז פּרודאָניזם, טעמפּ־קעפּיקייט פון אַ קליינבירגער און אַ פילׅיסטער. מען קאָן ניט טיילן אַנדערש ווי „לויט כח", און דער כח בייט זיך מיט דעם גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. נאָך 1871, האָט דייטשלאַנד זיך פאַרשטאַרקט אויף 3־4 מאָל שנעלער ווי ענגלאַנד און פראַנקרייך, יאַפּאַן — אַ מאָל 10 שנעלער ווי רוסלאַנד. פעסטצושטעלן דיווירקלעכע קראַפט פון אַ קאַפּיטאַליסטישער מלוכה, איז ניטאָ און ס'קאָן ניט זיין קיין אַנדער מיטל אַ חוץ מלחמה. מלחמה איז ניט קיין ווידערשפּרוך צו די יסודות פון פּריוואַט־אייגנטום, נאָר אַ דירעקטע און אומפאַרמיידלעכע אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע יסודות. אונטערן קאַפּיטאַליזם איז אוממעגלעך אַ גלייכמאָסיקער וואוקס פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון באַזונדערע ווירטשאַפטן און באַ־זונדערע מלוכות. אונטערן קאַפּיטאַליזם זיינען אוממעגלעך אַנדערע מיטלען פון אויפשטעלן דעם צעשטערטן, פון צייט צו צייט, גלייכ־געוויכט, אַ חוץ קריזיסן אין דער אינדוסטריע און מלחמות אין דער פּאָליטיק. . . .

„אין יעדער קלאַסן־געזעלשאַפט . . . איז דער עקספּלואַטירנ־דיקער קלאַס באַוואָפנט . . . געגנוג צו דערמאָנען דאָס באַנוצן פון מיליטער (רעפּובליקאַניש־דעמאָקראַטישע מיליץ אַריינגערעכנט) קעגן סטרייקערס — אַ דערשיינונג וואָס איז אַלגעמיין אין אַלע, אָן אויסנאַם, קאַפּיטאַליסטישע לענדער. די באַוואָפענונג פון דער בור־זשואַזיע קעגן פּראָלעטאַריאַט איז איינער פון די גרעסטע, גרינט־לעכסטע, וויכטיקסטע פאַקטן פון דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט." *)

לענין מאַכט דאָ קלאָר, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז די סיבה פון מלחמות ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט ניט קיין אַנדערע מיטלען אויפצושטעלן די פון צייט צו צייט צעשטערטע גלייכגעוויכט, נאָר אַז די בורזשואַזיע פירט מלחמה קעגן אַרבעטער־קלאַס, כדי איינצוהאַלטן איר קלאַסן־הער־

*) לענין, באַנד 18, זייט 232.

שאפט. פון דער אנדער זייט קאָנען אויך די עקספּלואַטירטע קלאַסן דער־פירן ביזן סוף זייער קאַמף צו באַפרייען זיך פון קאַפּיטאַליסטישער עקס־פּלואַטאַציע נאָר דורך מלחמה קעגן זייערע עקספּלואַטירער — די קאַפּי־טאַליסטן. אין דעם זעלביקן אַרטיקל ווייזט טאַקע לענין אָן אַף אַנדערע טיפּן מלחמות, חוץ אימפּעריאַליסטישע מלחמות, וואָס זיינען מעגלעך אין דער איצטיקער עפּאָכע:

„פאַר דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע . . . זיינען אינגאַנצן ניט אוממעגלעך אויך דעמאָקראַטישע מלחמות און אויפשטאַנדן, צום ביישפּיל, פון אונטערדריקטע נאַציעס קעגן זייערע אונטער־דריקער זיך צו באַפרייען פון יאָך. ס׳זיינען אוממעגלעך בירגער־מלחמות פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע פאַרן סאָציאַליזם. ס׳זיינען מעגלעך מלחמות פון זיגרייכן סאָציאַליזם אין איין לאַנד קעגן אַנדערע בורזשואַזע, אָדער רעאַקציאָנערע לענדער."

אָט פאַרוואָס מיר זאָגן, אַז מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון מלחמות און רעוואָלוציעס. די סיבות פאַר דעם ליגן אין דער איצטיקער געזעל־שאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס שאַפט פון איין זייט קאַפּיטאַליסטישע קאָנ־קורענץ, פון דער אַנדער זייט — קלאַסן־קאַמף.

## סאָציאַליזם וועט מאַכן אַ סוף צו מלחמות

מיט דעם, אייגנטלעך, האָבן מיר שוין אויך געענטפערט אַף דער פראַגע, צי מלחמות וועלן „אייביק" עקזיסטירן.

מלחמות זיינען פּונקט אַזוי ניט „אייביק", ווי עס איז ניט „אייביק" דער קאַפּיטאַליזם, ווי עס איז ניט „אייביק" פּריוואַט־אייגנטום, עקס־פּלואַטאַציע, אונטערדריקונג, אַ קלאַסן־געזעלשאַפט. דער איצטיקער קאַ־פּיטאַליזם איז אַרויסגעוואַקסן פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע סיסטעמען אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. די קאַפּיטאַליס־טישע סיסטעם וועט אַראָפּגיין פון דער וועלט־סצענע, פּונקט ווי די אַנדערע געזעלשאַפטלעכע סיסטעמען פאַרן קאַפּיטאַליזם. צוזאַמען מיט דער פאַר־ניכטונג פון קאַפּיטאַליזם, מיט דער פאַרניכטונג פון פּריוואַט־אייגנטום אַף די מיטלען פון פּראָדוקציע, וועלן אָפּגעשאַפט ווערן די סיבות, וואָס פירן צו מלחמות.

„סאָציאַליסטן" — שרייבט לענין אין זיין בראָשורע, „סאָציאַ־ליזם און מלחמה" — „האָבן אַלע מאָל פאַרדאַמט מלחמות צווישן

פעלקער ווי אַ באַרבאַרישע, אַ בעסטיאַלישע זאַך. אָבער אונזער באַציאונג צו מלחמה איז פּרינציפּיעל אַן אַנדערע ווי די באַציאונג פון בורזשואַזע פּאַציפיסטן (די אָנהענגער און פריידיקער פון פרידן) און אַנאַרכיסטן. פון די ערשטע שיידן מיר זיך אונטער מיט דעם, וואָס מיר פאַרשטייען די אומפאַרמיידלעכע פאַרבינדונג צווישן מלחמות און דעם קאַמף פון קלאַסן אין לאַנד, פאַרשטייען די אוממעגלעכקייט צו פאַרניכטן מלחמות אָן דער פאַרניכטונג פון קלאַסן און דעם אויפבוי פון סאָציאַליזם." *)

לענין מאַכט דאָ אַ קלאָרן אויספיר פון דעם אַנאַליז וועגן די סיבות פון מלחמות — בלויז דער סאָציאַליזם קאָן פאַרניכטן מלחמות, דערפאַר וואָס ער וועט פאַרניכטן דעם וואָרצל, די סיבות פון מלחמות, דורך דער פאַרניכטונג פון פּריוואַט־אייגנטום אויף פּראָדוציר־מיטלען און צוזאַמען מיט דעם — קלאַסן־געזעלשאַפטן.

ס'איז אַ פּוסטער חלום פון קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגן, וועלכע וואָלטן געוואָלט האָבן אַ גן־עדן אויף דער וועלט, ניט אָנרירנדיק די סיסטעם פון פּריוואַט־אייגנטום, אַז ס'איז מעגלעך אין די באַדינגונגען פון אַ קלאַסן־געזעלשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף פּריוואַט־אייגנטום, אָפּשאַפן באַוואָפענונג און איינשטעלן אייביקן פרידן. דער לאָזונג פון אַנטוואָפענונג איז אַ לאָזונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

„אַנטוואָפענונג איז דער אידעאַל פון סאָציאַליזם. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט ניט זיין קיין מלחמות, דעריבער וועט פאַרווירקלעכט ווערן אַנטוואָפענונג. אָבער דער, וועלכער דערוואַרט די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אָן אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, איז ניט קיין סאָציאַליסט. דיקטאַטור איז מלוכה־מאַכט, וואָס שפּאַרט זיך אָן אוממיטלבאַר אויף געוואַלט. געוואַלט אין דער עפּאָכע פון 20טן יאָרהונדערט — ווי בכלל אין דער עפּאָכע פון ציוויליזאַציע — איז ניט קיין קולאַק, ניט קיין דובינע, נאָר מיליטער.**)

ס'איז פון דעם קלאָר לענינ'ס אויספיר:

„אַן אונטערדריקטער קלאַס, וואָס שטרעבט ניט צו דעם, אַז ער זאָל זיך אויסלערנען באַגיין מיט געווער, האָבן געווער, וואָלט

*) לענין, באַנד 18, זייט 193.

**) לענין, „וועגן לאָזונג פון אַנטוואָפענונג", באַנד 19, זייט 315.

זיך בלויז פארדינט, אז מען זאָל זיך מיט אים באַגיין ווי מיט קנעכט. מיר קאָנען דאָך ניט, ניט פארוואנדלענדיק זיך אין פאַציפיסטן, אָדער אָפּאָרטוניסטן, פארגעסן, אז מיר לעבן אין א קלאסן־געזעלשאפט, און אז עס איז פון איר ניטאָ און קאָן ניט זיין קיין אנדער אויסוועג אויסער קלאסן־קאמף און די אומוואַרפונג פון דער מאכט פון הערשנדיקן קלאס. . . .

„אונזער לאָזונג דאַרף זיין: באוואָפענונג פון פראָלעטאַריאַט, כדי צו באזיגן, עקספּראָפּריאירן און אנטוואָפענען די בורזשואזיע. דאָס איז די איינציק־מעגלעכע טאַקטיק פון א רעוואָלוציאָנערן קלאַס, א טאַקטיק, וואָס דרינגט אַרויס פון דער גאַנצער אָביעקטיווער אנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליסטישן מיליטאַריזם. בלויז נאָך דעם ווי דער פּראָלעטאַריאַט וועט אנטוואָפענען די בורזשואזיע קאָן ער, ניט פאַרראַטנדיק זיין אַלוועלטלעך־היסטאָרישער אויפגאַבע, אַרויסוואַרפן אין ברוך גאָר די געווער. און דער פּראָלעטאַריאַט וועט אָן צווייפל דאָס טאָן — אָבער נאָר דעמאָלט, בשום אופן ניט פריער." *)

לאָמיר סומירן די שטעלונג פון קאָמוניזם צו מלחמות:

דער וואָרצל פון מלחמות אין דער היינטיקער געזעלשאַפט איז דער קאַפּיטאַליזם. דעריבער, ווער עס וויל באמת קעמפן קעגן מלחמה, דאַרף קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם און אים פאַרניכטן. דאָס איז לענינ'ס פירנדיקער פּרינציפּ אין קאַמף קעגן מלחמה. די דאָזיקע אַלגעמיינע פאָרמולירונג איז אָבער ניט גענוג. ס'זיינען פאַראַן אונטערן קאַפּיטאַליזם פאַרשיידענע מלחמות. ס'זיינען פאַראַן מלחמות, וואָס דינען דעם קאַפּיטאַליזם אין זיין עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, נאָר פון דער אַנדער זייט, כדי צו פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם זיינען נויטיק די מלחמות פון פּראָלעטאַריאַט און פון די אונטערדריקטע פעלקער. דעריבער קאָן א באַוואוסטזיניקער אַרבעטער ניט זיין „בכלל" קעגן מלחמה און קעמפן קעגן „יעדער" מלחמה. פראַזן וועגן „אַלגעמיינעם" קאַמף קעגן מלחמה, וועגן קאַמף קעגן „יעדער" מלחמה מעגן טאַקע קלינגען „ראַדיקאַל", שיר ניט „רעוואָלוציאָנער". זיי זיינען אָבער פאַרפירעריש, זיי דינען פונקט דעם

*) לענין, „וועגן לאָזונג פון אַנטוואָפענונג", באַנד 19, זייטן 315־316.

קעגנזעצלעכן צוועק. סאָציאַליסטן" — זאָגט לענין — „קאָנען ניט זיין קעגן יעדער מלחמה, ניט אויפהערנדיק צו זיין סאָציאַליסטן." *)

דער ארבעטער־קלאַס איז דער איינציקער אויסגעהאַלטענער, דער איינציקער אַקטיווער קעמפער קעגן מלחמה, דערפאַר וואָס ער קעמפט קעגן דעם וואָרצל פון מלחמה — קעגן קאַפּיטאַליזם. אָבער כל זמן דער קאַפּיטאַליזם איז ניט באַזייטיקט מוז דער ארבעטער־קלאַס קעמפן ניט קעגן מלחמות בכלל, נאָר קעגן רעאַקציאָנערע מלחמות און פאַר רעוואָלוציאָנערע מלחמות.

אָט ווי לענין לערנט די ארבעטער צו האַנדלען:

„מען וועט דיר געבן א ביקס. נעם זי און לערן זיך גוט די מיליטערישע זאַך. די דאָזיקע וויסנשאַפט איז נויטיק פאַר די פּראָלעטאַריער — ניט צו שיסן דיינע ברידער, די ארבעטער פון אנדערע לענדער, ווי דאָס ווערט געטאָן אין דער איצטיקער מלחמה (לענין רעדט וועגן דער וועלט־מלחמה פון 1914—1918 — י. ס.) און ווי עס ראַטן דיר צו טאָן די פאַררעטער פון קאָמוניזם — נאָר פאַר דעם, אז דו זאָלסט קעמפן קעגן דער בורזשואזיע פון דעם אייגענעם לאַנד, כדי צו מאַכן א סוף צו עקספּלואַטאַציע, אָרעמקייט און מלחמות, ניט דורך גוטע וואונטשן, נאָר דורך א זיג איבער דער בורזשואזיע און דורך איר אנטוואָפענונג."**)

*) לענין, „וועגן לאָזונג פון אנטוואָפענונג", באַנד 19, זייט 314.
**) דאָרטן, זייט 317.

# מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

מיר האָבן געזען, אַז די שטעלונג פון קאָמוניזם צו מלחמות איז ניט קיין אַבסטראַקטע, נאָר אַ קאָנקרעטע אין פאַרבינדונג מיט יעדער מלחמה. לענין האָט שטענדיק אונטערשטראָכן, אַז די פראַגע איז ניט „סתם מלחמה", נאָר דער כאַראַקטער פון אַ געגעבענער מלחמה. מיר דאַרפן קאָנען אונטערשיידן און פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון די מלחמות, וועלכע זיינען אומפאַרמיידלעך אין דער איצטיקער עפּאָכע — אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם אַלס דעם נייסטן עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם.

צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון מלחמות אין דער איצטיקער עפּאָכע, איז קודם כל נויטיק צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון דער עפּאָכע זעלבסט. ס'איז דעריבער נויטיק, כאָטש אין אַלגעמיינע שטריכן, אָנצואווייזן אויף לענינ'ס אַנאַליז און קריטיק פון דער איצטיקער, אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם.

## די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

אין זיין ווערק, „אימפּעריאַליזם ווי דער נייסטער עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם", גיט לענין די פאָלגנדיקע עקאָנאָמישע דעפיניציע פון אימפּעריאַליזם:

„אויב ס'וואָלט געווען נויטיק צו געבן אַ וואָס מעגלעך קורצע דעפיניציע פון אימפּעריאַליזם, וואָלט מען געדאַרפט זאָגן, אַז אימפּעריאַליזם איז די מאָנאָפּאָליסטישע שטופע פון קאַפּיטאַליזם. אַזאַ דעפיניציע וואָלט איינגעשלאָסן דאָס סאַמע וויכטיקסטע, ווייל, פון איין זייט, איז פינאַנץ-קאַפּיטאַל דער באַנק-קאַפּיטאַל פון אַ קליינער צאָל גרעסטע בענק, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם קאַפּיטאַל פון די מאָנאָפּאָליסטישע אינדוסטריעלע קאָמפּאַניעס; פון דער אַנדער זייט, איז די פאַרטיילונג פון דער וועלט אַן איבערגאַנג פון אַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט אָן שטערונגען זיך אויסגעברייטערט אויף געגנטן, וועלכע זיינען ניט געווען פאַרכאַפּט דורך קיין קאַפּיטאַליסטישער מאַכט, צו אַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון אַ מאָנאָפּאָל-באַזיץ פון דער ערד-טעריטאָריע, וואָס איז פאַרטיילט ביזן סוף." *)

---

*) לענין, באַנד 19, זייט 142.

די דאָזיקע דעפיניציע איז פון גרויסער וויכטיקייט אין דער פראַגע פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה. קאָלאָניאַל־פּאָליטיק איז ניט קיין דער־שיינונג בלויז פון דער איצטיקער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם, זי האָט געהאַט אַ פּלאַץ אויך פריער. די אייגנטימלעכקייט פון דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק אין דער איצטיקער עפּאָכע באַשטייט אין איר מאָנאָפּאָליסטישן כאַראַק־טער. פון דעם דרינגט שוין אַרויס דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון די איצטיקע אימפּעריאַליסטישע מלחמות, ווייל אימפּעריאַליסטישע מלחמות זיינען פאַרגעקומען אויך פאַר דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. שפּעטער וועלן מיר זיך אָפּשטעלן מער גענוי אַף דעם.

אויסרעכענענדיק די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, דעפינירט לענין דעם אימפּעריאַליזם אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

„אימפּעריאַליזם איז קאַפּיטאַליזם אַף יענער שטופע פון אַנט־וויקלונג, ווען ס'האָט זיך איינגעשטעלט די הערשאַפט פון מאָנאָ־פּאָליעס און פינאַנץ־קאַפּיטאַל, דער אַרויספיר פון קאַפּיטאַל האָט אָנגענומען אַן אַנטשיידנדיקן באַדייט; ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטיילונג פון דער וועלט צווישן די אינטערנאַציאָנאַלע טראָסטן און ס'האָט זיך פאַרענדיקט די פאַרטיילונג פון דער גאַנצער ערד־טעריטאָריע צווישן די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער." *)

פון דער עקאָנאָמישער כאַראַקטעריסטיק פון אימפּעריאַליזם גייט לענין אַריבער צו דער היסטאָרישער.

„מיר האָבן געזען, אַז לויט זיין עקאָנאָמישן תוך איז דער אימפּעריאַליזם מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם. שוין דורך דעם ווערט באַשטימט דער היסטאָרישער פּלאַץ פון אימפּעריאַליזם, וואָרים מאָנאָפּאָליעס, וואָס וואַקסן אויס אָפּן באָדן פון פרייער קאָנקורענץ און טאָקע דורך פרייער קאָנקורענץ, איז דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטישער צו אַ מער העכערער געזעלשאַפטלעך־עקאָ־נאָמישער איינשטעלונג („אוקלאַד")." **)

(לענין נוצט דאָס וואָרט „אוקלאַד" אַנשטאָט סאָציאַליזם, באַ־נוצנדיק זיך מיט דער עזאָפּישער שפּראַך, וואָס מען האָט געמוזט נוצן

*) לענין, באַנד 19, זייט 143.
**) דאָרטן, זייט 170.

אין צאַרישן רוסלאַנד, ווען אַ רעוואָלוציאָנער האָט געוואָלט, אַז זיינס אַ ווערק זאָל דערשיינען לעגאַל.)

אימפּעריאַליזם איז „אָפּשטאַרבנדיקער קאַפּיטאַליזם", וואָס איז אָביעקטיוו רייף געוואָרן איבערצוגיין אין סאָציאַליזם. דער דאָזיקער פאַקט דרינגט אַרויס פון דער פאַרשאַרפונג פון אַלע ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם אונטער דער אויבערהערשאַפט פון מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל. לענין זאָגט:

„אויף וויפיל מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל האָט פאַרשאַרפט אַלע ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם איז אַלגעמיין באַקאַנט. גענוג אָנצואווייזן אויף יקרות און אויף דעם יאָך פון די טראָסטן. די דאָזיקע פאַרשאַרפונג פון ווידערשפּרוכן איז די סאַמע מעכטיקסטע טרייב־קראַפט פון דעם היסטאָרישן איבערגאַנג־פּעריאָד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט דעם ענדגילטיקן זיג פון אַלוועלטלעכן פינאַנץ־קאַפּיטאַל."*)

ווייטער ווייזט לענין אָן, אַז צוזאַמען מיט דער פאַרשאַרפונג פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכן, פאַרשאַרפט אויך דער אימפּעריאַליזם די ניט־גלייכמעסיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין באַזונדערע לענדער. דער געזעץ פון ניט־גלייכמעסיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם איז פון זייער גרויסער וויכטיקייט און שפּילט איינע פון די הויפּט־ראָלן אין לענינ'ס סטראַטעגיק פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. דער אַנטשיידנדיקער ווידערשפּרוך אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם איז די פאַרשאַרפונג פון דעם קלאַסן־ווידערשפּרוך צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע. דער אימפּעריאַליזם האָט אָט־דעם ווידערשפּרוך פון קאַפּיטאַליזם פאַרשאַרפט צו אַ פּונקט פון אָפענעם בירגער־קריג.

מיר האָבן אין אַלגעמיינע שטריכן געגעבן דעם אַנאַליז פון אימפּעריאַליזם, וואָס לענין האָט געמאַכט. מיר וועלן איצט איבערגיין צום ספּעציפישן כאַראַקטער פון די מלחמות, וואָס זיינען אומפאַרמיידלעך אין דער דאָזיקער עפּאָכע.

## כאַראַקטער פון מלחמות אונטערן קאַפּיטאַליזם און זייער באַזונדערער באַדייטונג אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

מיר האָבן שוין געזען, אַז לענין האָט געלערנט די אַרבעטער, אַז דער אַרבעטער־קלאַס קאָן ניט זיין קעגן מלחמות בכלל, אַז דער אַרבעטער־

*) לענין, באַנד 19, זייט 171.

קלאַס איז קעגן רעאַקציאָנערע מלחמות און פאַר פּראָגרעסיווע און רעוואָ־לוציאָנערע מלחמות, אַז ס׳איז דעריבער נויטיק פעסטצושטעלן דעם כאַראַקטער פון יעדער מלחמה.

ס׳וואָלט אָבער געווען נאַריש צו דענקען, אַז אַ קאָמוניסט דאַרף זיצן און וואַרטן ביז וואַנען ס׳הויבט זיך אָן אַ מלחמה, נאָכדעם באַשטימען איר כאַראַקטער און דעמאָלט ערשט נעמען אַ שטעלונג. מלחמות פאַלן ניט אַראָפּ פון הימל. זיי זיינען פּשוט אַ פאָרזעצונג פון פּאָליטיק, נאָר דורך אַנדערע מיטלען.

„מלחמה איז אַ פאָרזעצונג פון פּאָליטיק דורך אַנדערע (בפירוש דורך גוואַלט) מיטלען". אָט־דאָס באַרימטע ווערטל געהערט איינעם פון די זייער טיפע שרייבער איבער מיליטערישע פראַגן, קלאַוזע־וויטץ. מאַרקסיסטן האָבן מיט רעכט שטענדיק באַטראַכט די דאָזיקע הנחה אַלס די טעאָרעטישע באַזע פאַר זייער שטאַנדפּונקט וועגן דעם באַדייט פון יעדער געגעבענער מלחמה. מאַרקס און ענגעלס האָבן שטענדיק טאַקע פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט געקוקט אויף פאַר־שיידענע מלחמות." *)

די דאָזיקע טעאָרעטישע באַזע גיט אונז ניט בלויז אַ ריכט־ליניע צו באַשטימען דעם כאַראַקטער פון אַ קאָנקרעטער מלחמה (אַ מלחמה איז די פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון אַ באַשטימטן קלאַס), נאָר מאַכט מעגלעך פאָראויס צו באַשטימען דעם כאַראַקטער פון די מלחמות אין אַ געגעבענעם פעריאָד. אַ מלחמה קומט ניט פּלוצלונג. זי וואַקסט אַרויס פון דער פּאָליטיק, וואָס דער קלאַס, וועלכער פירט די מלחמה, האָט שוין געפירט אין משך פון יאָרן. מלחמה איז בלויז די פאָרזעצונג פון דער דאָזיקער פּאָליטיק. לאָמיר, צום ביישפּיל, נעמען די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה פון 1914—1918. לענין באַווייזט אויפן ביישפּיל פון דער דאָזיקער מלחמה די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער טעאָרעטישער באַזע:

„ווענדט אָן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט צו דער איצטיקער מלחמה. איר וועט זען, אַז אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָבן די רעגירונגען און די הערשנדיקע קלאַסן פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע, עסטרייך, רוסלאַנד געפירט אַ פּאָליטיק פון ראַבירן קאָלאָניעס, אונטערדריקן פרעמדע פעלקער, אונטערדריקן דעם אַרבעטער־קלאַס. פּונקט אַזאַ

*) לענין, „סאָציאַליזם און מלחמה", באַנד 18, זייט 197.

פּאָליטיק, בלויז אַזאַ, ווערט פאַרגעזעצט אין דער איצטיקער מלחמה." *)

די פאַרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון דער אימפּעריאַליסטישער בור־זשואַזיע אין אַ קליינער צאָל הערשנדיקע גרויסע מלוכות פירט ניט נאָר צו אימפּעריאַליסטישע מלחמות, נאָר אויך צו אַנדערע צוויי טיפּן מלחמות: נאַציאָנאַלע מלחמות און פּראָלעטאַרישע.

אַלע דריי טיפּן האָבן מיר באַגעגנט אויך אין דער פאַר־אימפּעריאַ־ליסטישער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם. ס'איז גענוג אָנצואווייזן אויף די אימפּעריאַליסטישע מלחמות פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, אויף די נאַציאָ־נאַלע מלחמות פון ביסמאַרק'ן און אויף דער פּראָלעטאַרישער מלחמה פון דער פּאַריזער קאָמונע. אָבער אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם איז דער קאָנקרעטער היסטאָרישער און פּאָליטישער באַדייט פון די דאָזיקע טיפּן מלחמות אינגאַנצן אַן אַנדערער.

די נאַציאָנאַלע מלחמות פון פאַריקן יאָרהונדערט זיינען פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט נאָך געפירט אַ קאַמף קעגן די רעשטלעך פון פעאָדאַליזם פאַר דער מעגלעכקייט אויסצוברייטערן די פּראָדוציר־כחות. אין יענער צייט איז דער קאַפּיטאַליזם נאָך געווען פּראָ־גרעסיוו. די נאַציאָנאַלע מלחמות פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס זיינען דעריבער צו יענער צייט געווען פּראָגרעסיווע מלחמות.

די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך אין 1870־1871 איז געווען די לעצטע פון די גרויסע נאַציאָנאַלע מלחמות אין אייראָפּע. די דאָזיקע מלחמה האָט פאַרענדיקט די ערשטע פאַזע פון קאַפּיטאַליזם. דער קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן אין זיין נייער פאַזע, אין דער פאַזע פון אימפּעריאַליזם.

מאַרקס און ענגעלס האָבן ניט איינמאָל אָנגעוויזן אויף אָט־דער ענדע־רונג אין קאַפּיטאַליזם. באַם סאַמע אויסברוך פון דער מלחמה שרייבט מאַרקס צו ענגעלס'ן אין אַ בריוו פון 8טן אויגוסט, 1870:

„די דאָזיקע מלחמה האָט ענדלעך דערפירט צו דער פאַר־ווירקלעכונג פון די „נאַציאָנאַלע" אויפגאַבן פון 1848 יאָר — אונגאַרן, איטאַליע, דייטשלאַנד."

און אין זיין „בירגער־קריג אין פראַנקרייך" האָט מאַרקס געשריבן:
„דער העכסטער העלדישער אויפשוואונג, אויף וועלכן ס'איז

*) לענין, „סאָציאַליזם און מלחמה", באַנד 18, זייט 197.

נאָך געווען פּייאיק די אַלטע געזעלשאַפט, איז נאַציאָנאַלע מלחמה, און דאָס ווייזט זיך איצט אַרויס אַלס דער ריינסטער שווינדל פון דער רעגירונג; דער איינציקער צוועק פון דעם דאָזיקן שווינדל איז אָפּצולייגן אַף אַ שפּעטערדיקער צייט דעם קלאַסן־קאַמף, און ווען דער קלאַסן־קאַמף פּלאַקערט אויף אין די פלאַמען פון בירגער־קריג, פאַרשווינדט דער שווינדל ווי אַ רויך."

לענין זעצט פאָר מאַרקסעס אַנאַליז פון דער עפּאָכע, וואָס מאַרקס האָט געזען ערשט דעם אָנהויב פון איר אַנטוויקלונג:

„פון אַ באַפרייער פון נאַציעס, וואָס דער קאַפּיטאַליזם איז געווען אין קאַמף מיט דעם פעאָדאַליזם, איז דער אימפּעריאַליסטי־שער קאַפּיטאַליזם געוואָרן דער גרעסטער אונטערדריקער פון נאַציעס. דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן פון פּראָגרעסיוו רעאַקציאָ־נער, ער האָט אַנטוויקלט די פּראָדוציר־כחות אַף אַזויפיל, אז דער מענטשהייט שטייט פאָר אָדער אַריבערצוגיין צום סאָציאַליזם, אָדער אין משך פון יאָרן און אפילו צענדליקער יאָרן איבערלעבן אַ באַ־וואָפנטן קאַמף פון די „גרויסע" מלוכות פאָר אַ קינסטלעכער אויפ־האַלטונג פון קאַפּיטאַליזם דורך קאָלאָניעס, מאָנאָפּאָליעס, פּריווי־לעגיעס און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונגען פון פאַרשיידענע מינים." *)

דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן פון פּראָגרעסיוו רעאַקציאָנער. די פּאָליטיק פון אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַליזם מוז דעריבער זיין אַ רע־אַקציאָנערע פּאָליטיק. אימפּעריאַליסטישע מלחמות, וואָס זיינען אַ פאָר־זעצונג פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק נאָר דורך אַנדערע מיטלען, מוזן דעריבער זיין רעאַקציאָנערע מלחמות. זיי מוזן זיין פון אַ כאַראַקטער:

א) מלחמות פון איין אימפּעריאַליסטישער מלוכה קעגן דער צוויי־טער איבער דעם מאָנאָפּאָל אַף קאָלאָניעס, וואָס אין דער איצטיקער עפּאָכע מיינט עס מלחמות פאָר דער איבערטיילונג פון דער וועלט.

ב) מלחמות קעגן אונטערדריקטע פעלקער, וואָס קעמפן קעגן דעם פרעמדן אימפּעריאַליסטישן יאָך.

ג) קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מלחמות קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס קעמפט פאָר מאַכט (בירגער־קריג), און קעגן דער פּראָלעטאַרישער מלוכה.

*) לענין, „סאָציאַליזם און מלחמה", באַנד 18, זייט 195.

דער כאראקטער פון דעם ערשטן טיפ מלחמות איז מער ווייניק קלאָר. אָבער פון א גאַנץ אנדער כאראקטער און די פאָרזעצונג פון א גאַנץ אנדער פּאָליטיק זיינען די אנדערע צוויי טיפּן מלחמות, וואָס זיינען מעגלעך אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. די אימפּעריאַליסטישע אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע פון קאָלאָניעס און פרעמדע פעלקער מוז אומבאַדינגט אַרויסרופן א נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַפרייאונגס־באַוועגונג. די פּ אָ ר ז ע צ ו נ ג פ ו ן ד ע ר פּ אָ ל י ט י ק פון די אונטערדריקטע פעלקער אין די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס מוז פירן צו רעוואָלוציאָנערע מלחמות קעגן אימפּעריאַליזם. ס'הויבט זיך דעריבער אָן א נייע עפּאָכע פון נאַציאָנאַלע מלחמות, וואָס האָבן אינגאַנצן אַן אנדער היסטאָרישן און פּאָליטישן באַדייט ווי די נאַציאָנאַלע מלחמות פון דעם 19טן יאָרהונדערט.

לענין מאַכט קלאָר, אַז נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען ניט נאָר מעגלעך, נאָר אומפאַרמיידלעך:

„ניט נאָר זיינען נאַציאָנאַלע מלחמות מצד קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס וואַרשיינלעך, נאָר אומפאַרמיידלעך אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. אין די קאָלאָניעס און האַלב קאָלאָניעס (כינע, טערקיי, פּערסיע) לעבן אַרום 1,000 מיליאָן מענטשן, ד. ה. מער ווי העלפט פון דער באַפעלקערונג פון דער וועלט. די נאַציאָנאַל־באַפרייאונג־באַוועגונגען דאָ זיינען שוין אָדער שטאַרק, אָדער וואַקסן און ווערן רייף. יעדע מלחמה איז א פאָרזעצונג פון פּאָליטיק דורך אנדערע מיטלען. די פאָרזעצונג פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייאונגס־פּאָליטיק פון די קאָלאָניעס וועט אומפאַרמיידלעך זיין נאַציאָנאַלע מלחמות מצד די קאָלאָניעס קעגן אימפּעריאַליזם.״ *)

די אויפשטאַנדן און די אַנטי־אימפּעריאַליסטישע באַוועגונג אין די קאָלאָניאַלע לענדער פאַרן לעצטן צענדליק יאָר האָבן עס פולשטענדיק באַשטעטיקט.

אָבער ניט נאָר זיינען נאַציאָנאַלע מלחמות מעגלעך מצד די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס. לענין איז מיט דער מיינונג, אַז אויך אין אייראָפּע זיינען אַזעלכע נאַציאָנאַלע מלחמות מעגלעך:

„... אפילו אין אייראָפּע טאָר מען ניט רעכענען, אַז נאַציאָנאַלע מלחמות זיינען אוממעגלעך אין דער עפּאָכע פון אימפּעריא־

*) לענין, „וועגן יוניוס'עס בראָשור״, באַנד 19, זייט 182.

ליזם. „די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם“ האָט געמאַכט די איצטיקע מלחמה אַן אימפּעריאַליסטישע. זי שאַפט אומפּאַרמיידלעך (איידער ס'וועט אָנקומען סאָציאַליזם) נייע אימפּעריאַליסטישע מלחמות, זי האָט געשאַפן אין גרונט די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון די איצטיקע גרויסמאַכן, אָבער די דאָזיקע „עפּאָכע“ שליסט בכלל ניט אויס נאַציאָנאַלע מלחמות, צום ביישפּיל, מצד קלייניקע (לאָמיר אָננעמען אַנעקסירטע, אָדער נאַציאָנאַל-אונטערדריקטע) מלוכות קעגן אימפּעריאַליסטישע מלוכות, ווי זי שליסט אויך ניט אויס נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב אין מזרח-אייראָפּע.“ *)

(איצט דאַרף מען צוגעבן: אויסערן סאָוועטן-פאַרבאַנד.)

אין וואָס באַשטייט דער באַזונדערער באַדייט פון די דאָזיקע נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם? זייער באַזונדערער באַדייט ליגט אין דעם, וואָס אָביעקטיוו זיינען זיי מלחמות קעגן אימפּעריאַליזם און אָביעקטיוו (אַפילו ווען די דאָזיקע מלחמות ווערן געפירט פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע) זיינען זיי אַ טייל פון דער אַלוועלט-לעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

דער דריטער טיפּ מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אויך אַן אַנדער היסטאָרישן באַדייט און אינהאַלט, זיינען מלחמות פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע.

זיינען געווען אַזעלכע מלחמות פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה? יאָ, ס'זיינען געווען. אָנהויבנדיק פון דעם אויפשטאַנד פון די אַר-בעטער אין ליאָן, אין 1830, און ענדיקנדיק מיט דער פּאַריזער קאָמונע, האָבן מיר אַ גאַנצע ריי אַזעלכע מלחמות. דער קלאַסן-קאַמף אונטער פאַר-שאַרפטע ווידערשפּרוכן פאַרוואַנדלט זיך אומפּאַרמיידלעך אין אַ בירגער-קריג. אונטער די פאַרשאַרפטע ווידערשפּרוכן און דעם פאַרשאַרפטן קלאַסן-קאַמף צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, איז בירגער-קריג אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַן אומ-פאַרמיידלעכע „פאָרזעצונג“ פון דער פּאָליטיק. לעניָן ווייזט אָן אויף אַ גרויסן אונטערשייד צווישן די רעוואָלוציאָנערע מלחמות פון פּראָלעטאַריאַט אין 19טן יאָרהונדערט און אין דער איצטיקער עפּאָכע:

„די פּראָלעטאַרישע פאָן פון בירגער-קריג וועט — ניט היינט,

---

*) לעניָן, „וועגן יוניוס'עס בראָשור“, באַנד 19, זייט 183.

איז מאָרגן — ניט אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה, איז נאָך איר — ניט אין דער, איז אין דער נאָענטסטער נעקסטער מלחמה צונויפזאַמלען ארום זיך ניט נאָר הונדערטער טויזנטער באוואוסטזיניקע אַרבעטער, נאָר מיליאָנען האַלבע פּראָלעטאריער און קליינבירגער, וואָס זיינען איצט פאַר'שיכור'ט פון שאָוויניזם, וועמען דער גרויל פון מלחמה וועט ניט בלויז דערשרעקן און דער־שלאָגן, נאָר וועט אויך אויפקלערן, לערנען, וועקן, אָרגאַניזירן, אויס־שמידן און צוגרייטן צו אַ מלחמה קעגן דער בורזשואזיע פון דעם „אייגענעם" לאַנד און „פרעמדע" לענדער.״ *)

אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם קריגט דער אַרבעטער־קלאַס שותפים אין זיין קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם אין אַזעלכע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָבן אין די פריערדיקע עפּאָכעס געשטיצט דעם קאַפּיטאַליזם. אויב די בירגער־קריגן פון פּראָלעטאריאַט אין 19טן יאָר־הונדערט האָבן געהאַט אַף זייער זייט אַ מינדערהייט פון דער האַרעפּאַש־נער באַפעלקערונג און די פויערים — קעגן זיך, ענדערט זיך די לאַגע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. דער אַרבעטער־קלאַס קאָן איבערגעווינען אַף זיין זייט די מערהייט פון דער האַרעפּאַשנער באַפעלקערונג, ווייל ער איז דער איינציקער קלאַס, וואָס קאָן באַפרידיקן אירע פאָדערונגען.

און נאָך אַף איין שטריך פון דער אייגנטימלעכקייט פון די מלחמות פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאַט אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם ווייזט אָן לענין:

„די ניט־גלייכמעסיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג איז אַן אומבאַדינגלעכער געזעץ פון קאַפּיטאַליזם. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דער זיג פון סאָציאַליזם איז פון אָנהויב מעגלעך אין געציילטע, אָדער אַפילו אין איין, באַזונדער גענומענעם, קאַפּיטאַ־ליסטישן לאַנד. דער זיגרייכער פּראָלעטאריאַט פון דעם דאָזיקן לאַנד, האָבנדיק עקספּראָפּריאירט די קאַפּיטאַליסטן און אָרגאַני־זירט בא זיך אַ סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, וואָלט זיך געשטעלט קעגן דער איבעריקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צוציענדיק צו זיך די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַנדערע לענדער, אויפהויבנדיק אין

*) לענין, „די לאַגע און די אויפגאַבן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָ־נאַל", באַנד 18, זייט 71.

די דאָזיקע לענדער אויפשטאַנדן קעגן די קאַפּיטאַליסטן; אַרויס־טרעטנדיק אין פאַל ווען נויטיק, אַפילו מיט מיליטערישער מאַכט קעגן די עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן און זייערע מלוכות. . . . ס'איז אוממעגלעך די פאַרניכטונג פון קלאַסן אָן דער דיקטאַטור פון דעם אונטערדריקטן קלאַס, פון פּראָלעטאַריאַט. ס'איז אוממעגלעך אַ פרייע פאַראייניקונג פון נאַציעס אונטערן סאָציאַליזם אָן אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגן, פאַר'עקשנ'טן קאַמף פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן מיט די איבעריקע מלוכות.״ *)

אין דעם לעצטן טייל פון דער דאָזיקער ציטאַטע ווייזט לענין אָן אַף דעם, אַז דער בירגער־קריג פון פּראָלעטאַריאַט מוז איבערגיין אין אַ מלחמה פון די פּראָלעטאַרישע מלוכות קעגן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות.

די כאַראַקטעריסטישע פּראָלעטאַרישע מלחמות, וואָס זיינען מעגלעך אין דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע, זיינען: א) בירגער־קריג, וואָס כאַפּט אַרום די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, ציט צו ניט נאָר די ברייטע מאַסן אַרבעטער, נאָר אויך די פויערים. ב) מלחמות פון פּראָלע־טאַרישע מלוכות קעגן קאַפּיטאַליסטישע מלוכות.

די טעאָרעטישע באַזע פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט אַף מלחמות גיט אונז אַף אַזאַ אופן אַ מעגלעכקייט פאָראויס צו באַשטימען די מעג־לעכע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. דערביי אָבער האָט לענין ניט איינמאָל פעסטגעשטעלט, ערשטנס, אַז קיין איינציקן פון די דאָזיקע טיפּן מלחמות באַגעגנט מען ניט אין אַ פולשטענדיקער „ריינער“ פאָרם, אַז מען קאָן צייטנווייז באַגעגענען אין אָן אימפּעריאַליסטישער מלחמה עלעמענטן פון אַ נאַציאָנאַלער מלחמה, וואָס ענדערט אָבער ניט איר גרונט־כאַראַקטער; צווייטנס, אַז איין טיפּ מלחמה קאָן זיך פאַר־וואַנדלען אין אַ צווייטן טיפּ. צום ביישפּיל, די נאַציאָנאַלע מלחמה פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אָן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, די אימפּעריאַליסטישע מלחמה פון 1914 האָט אין רוסלאַנד זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָלעטאַרישן בירגער־קריג.

צוליב וואָס איז נויטיק צו פאַרשטיין די אונטערשיידן אין די מעג־לעכע טיפּן מלחמות אונטערן אימפּעריאַליזם? ס'איז נויטיק, דערפאַר וואָס דאָס מאַכט קלאָר די אוממעגלעכקייט פון אַ סכעמאַטישן צוגאַנג,

*) לענין, „וועגן לאָזונג פון פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע“, באַנד 18, זייט 232.

פון אַ סכעמאַטישער פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס בנוגע מלחמה און אין דער צייט פון מלחמה. דער אַרבעטער־קלאַס קאָן ניט האָבן קיין שטעלונג צו מלחמה „אין אַלגעמיין”. אַזוי ווי מלחמות זיינען נאָר אַ פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון פאַרשיידענע קלאַסן, דאַרף זיין די פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס בנוגע מלחמות און אין צייט פון מלחמה בלויז אַ רעזולטאַט און אַ פאָרזעצונג פון זיין קלאַסן־פּאָליטיק. אָבער כדי צו קאָנען פאָרזעצן אַ ריכטיקע קלאַסן־פּאָליטיק אין צייט פון מלחמה, איז נויטיק, אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל פירן אַן אויסגעהאַלטענע קלאַסן־פּאָליטיק אין צייט פון פרידן. אַן אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיק אין דער צייט פון פרידן קאָן קיינמאָל ניט פירן צו אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק אין צייט פון מלחמה. דער בעסטער ביישפּיל פאַר דעם איז דער אָפּאָרטוניזם פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט באַם אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מלחמה זיך פאַרוואַנדלט אין סאָציאַל־שאָוויניזם, איז אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע.

די פאַרשטענדעניש פון די טיפּן מלחמות, וואָס זיינען מעגלעך אין דער איצטיקער עפּאָכע, מאַכט אויך מעגלעך פאָראויס צו באַשטימען די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון פּראָלעטאַריאַט צו יעדן טיפּ פון די דאָזיקע מלחמות. דער אַרבעטער־קלאַס קעמפט קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות מיט אַלע קרעפטן, וואָס ער פאַרמאָגט. ער שטיצט, אָדער פירט אָן מיט נאַציאָנאַלע מלחמות קעגן אימפּעריאַליזם. אין אַ פּראָלעטאַרישן בירגער־קריג און אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער מלחמה שטרעבט ער אָן אַלע כחות מעגלעך צו מאַכן דעם זיג פון אַרבעטער־קלאַס איבער דער בורזשואַזיע. די באַשלוסן פון זעקסטן קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל וועגן קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות און די אויפ־גאַבן פון קאָמוניסטן גיבן קאָנקרעטע אָנווייזן וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס בנוגע יעדן טיפּ מלחמה, וואָס זיינען מעגלעך אין דער איצטיקער עפּאָכע. דערביי אָבער דערמאָנט נאָכאַמאָל דער קאָמינטערן לעניג׳ס ווערטער, אַז „דער קאַמף קעגן מלחמה איז ווייט ניט קיין לייכטע זאַך”. אין אַלע פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט מלחמות אין דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע, שטייען פאַרן אַרבעטער־קלאַס שווערע טעאָרעטישע און טאַקטישע פּראָבלעמען. אָט פאַרוואָס מיר מוזן זיך געגוי באַקענען מיט די דערפאַרונגען פון דער לעצטער אימ־

פּעריאַליסטישער מלחמה, מיט לענינ'ס קאַמף קעגן אָפּאָרטוניזם פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און פאַר אַ קלאַסן־פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס, מיט לענינ'ס לערע וועגן דער פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין די באַזונדערע טיפּן מלחמות.

לענינ'ס לערע, לענינ'ס קאַמף קעגן דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה זיינען פאַר אונז וועגווייזער אין די קאַמפן קעגן דער קומענדיקער אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

# פון דער ניט-ווייטער פאַרגאַנגענהייט

די לעצטע אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה איז ניט געקומען אומ־דערוואַרטעט, ווי אַ דונער פון אַ קלאָרן הימל. די לענדער, וואָס זײַנען געווען פאַרוויקלט אין דער דאָזיקער מלחמה, האָבן זיך געגרייט צו איר אין משך פון יאָרן און אַפילו צענדליקער יאָרן. נאָך אין 1887, האָט פרידריך ענגעלס געשריבן וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון מלחמה און האָט פאָראויסגעזאָגט כמעט אין דעטאַלן די פּאַסירונגען און רעזולטאַטן פון דער וועלט־מלחמה. אין אַ פאָרוואָרט צו אַ בוך פון סיגיזמונד באָרק־הײַם, „צום אָנדענק פון די דײַטשע מערדער־פּאַטריאָטן", שרײַבט ענגעלס:

„פאַר פּרייסן־דײַטשלאַנד איז שוין איצט אוממעגלעך וועלכע ניט איז אַנדער מלחמה, אויסער אַ וועלט־מלחמה, און דאָס וואָלט געווען אַ וועלט־מלחמה אויף אַ מאַסשטאַב און פון אַ קראַפט, וואָס מען האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען. צווישן 8 און 10 מיליאָן סאָל־דאַטן (ענגעלס האָט בלויז אונטערגעשאַצט די צאָל — י. ס.) וועלן שטיקן איינער דעם צווייטן און וועלן אָפּעסן אייראָפּע אַזוי גרינט־לעך, ווי ס'האָט קיינמאָל ניט געטאָן אַ וואָלקן היישעריקן. די פאַר־וויסטונג, וואָס די 30־יאָריקע מלחמה האָט געבראַכט, אָריינגע־פּרעסט אין 3־4 יאָר (ענגעלס האָט אַפילו פאָראויסגעזען ווי לאַנג די מלחמה וועט געדויערן — י. ס.) און אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן קאָנטינענט — הונגער, עפּידעמיעס, די פאַרווילדערוועטקייט סיי פון די אַרמייען, סיי פון די פֿאָלקס־מאַסן, וואָס וועלן קומען אַלס רעזולטאַט פון דער שאַרפער נויט; דער האָפענונגסלאָזיקער כאַאָס אין אונזער קינסטלעכן מעכאַניזם פון האַנדל, אינדוסטריע און קרעדיט — דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן מיט אַן אַלגעמיינעם באַנקראָט. דער קראַך פון די אַלטע מלוכות און זייער רוטינער שטאַט־חכמה, אַ קראַך אַזאַ, אַז קרוינען וועלן אין די טוצן זיך וואַלגערן אויפן ברוק און קיינער וועט זיך ניט געפינען זיי אויפ־צוהייבן; די אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט פאָראויסצוזען ווי דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן און ווער וועט אַרויסקומען דער זיגער אין דעם דאָזיקן קאַמף. בלויז איין רעזולטאַט קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל: אַ ן  אַ ל ג ע מ י י נ ע  א ו י ס צ ע ר ו נ ג  א ו ן

די שאַפונג פון די באַדינגונגען פאַר דעם ענדגילטיקן זיג פון אַרבעטער־קלאַס.״*)

אין אַט־דער באַרימטער, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, נביאות, האָט ענגעלס ניט געזאָגט, אַז די מלחמה וועט באַלד ברענגען אַ זיג דעם אַרבעטער־קלאַס. ער רעדט בלויז וועגן דעם, אַז ס'וועלן געשאַפן ווערן „די באַדינגונגען פאַר דעם ענדגילטיקן זיג פון אַרבעטער־קלאַס״. ענגעלס האָט שוין דעמאָלט קלאָר און דייטלעך פאָראויסגעזען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה און אָנגעוויזן אויף דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס איז מיט איר פאַרבונדן.

האָבן די סאָציאַליסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געוואוסט וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס ווערט צוגעגרייט? האָבן זיי געוואוסט וועגן אָט־דער אָנווייזונג ענגעלסעס? אַוואַדע האָבן זיי געוואוסט. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן אָבער פאַרראַטן די קלאַסן־ליניע פון די לערער און גרינדער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. בלויז לענין און זיין פּאַרטיי, די רוסישע באָלשעוויקעס, האָבן עס פאָרגעזעצט די ליניע פון מאַרקסיזם אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה.

## די יסודות פון מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה

לענינ'ס מאַרקסיסטישע וועלט־אָנשויאונג האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין מיטן פון די 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. זינט דעמאָלט האָט לענין געהאַט די מעגלעכקייט צו אונטערזוכן און באַשטעטיקן מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה דורך דער דערפאַרונג פון די פאָלגנדיקע מלחמות, וואָס ער האָט איבערגעלעבט: די מלחמה צווישן יאַפּאַן און כינע איבער קאָרייע (1894), די מלחמה צווישן שפּאַניע און קובאַ (1895), די אַביסיניער מלחמה (1896), די גריכיש־טערקישע מלחמה (1897), די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה (1898), די ענגליש־בורישע מלחמה (1899־1900), די באָקסער מלחמה (1900), די מלחמה פון ענגלאַנד קעגן טיבעט (1904), די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה (1904־1905), די מלחמה צווישן איטאַליע און טערקיי איבער טריפּאָלי (1911־

*) איבערזעצט פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

1912), די מלחמה אף די באלקאנען קעגן טערקיי (1912), די מלחמה פון גריכנלאנד און סערביע קעגן בולגאריע (1913), די וועלט־מלחמה (1914־1918) און א ריי מלחמות אין דער עפּאָכע פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע מלחמות, אין וועלכע לענין איז ארויס־געטראָטן פריער אלס פירער פון דעם ארבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד און שפּעטער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, זיינען: די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה, די וועלט־מלחמה און די מלחמות אין דער עפּאָכע פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע מלחמות איז לעניג'ען אויסגעקומען צו אנטוויקלען זיין לערע וועגן דער טאַקטיק פון ארבעטער־קלאַס אין צייט פון מלחמה. ער האָט איבער־גענומען די גאַנצע דערפאַרונג, וואָס מארקס און ענגעלס האָבן אָנגע־זאַמלט אין דעם פּעריאָד פון די נאַציאָנאַלע מלחמות אין איירָאָפּע פון זייער צייט, בויענדיק זיין לערע וועגן מלחמה אף די יסודות פון מאַרקסיזם, אף דער לערע פון מארקס און ענגעלס וועגן מלחמה.

האָט אונז מארקס געגעבן א גאַנצע, א פאַרענדיקטע לערע וועגן מלחמה? יאָ; ער האָט אזא לערע געשאַפן. מען קאָן, פאַרשטענדלעך, ניט זאָגן, אז מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה איז אזא פאַרענדיקטער ענין, ווי, לאָמיר זאָגן, זיין לערע וועגן מערוועדט, אָדער ווי זיין טעאָריע וועגן קלאַסן־קאַמף און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אָבער דער גאַנצער סכום געדאַנקען, וואָס מיר געפינען בא מאַרקסן און בא ענגעלסן איבער די פּראָבלעמען פון מלחמה — באַרעכטיקן אונז צו ריידן וועגן דער לערע פון מאַרקסיזם אויך אף דעם געביט.

מאַרקסעס און ענגעלסעס לערע וועגן מלחמה באַשטייט פון דריי גרונט־טיילן:

1) מלחמה און די מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג פון געשיכטע — די מאַרקסיסטישע באַלייכטונג פון דער פראַגע וועגן דער אַנטשטייאונג פון מלחמות.

2) מלחמה און רעוואָלוציע — די פראַגע וועגן דער צווישן־באַציאונג פון מלחמה און רעוואָלוציע און זייער קעגנזייטיקע ווירקונג.

3) מלחמה און דער ארבעטער־קלאַס — די קאָנקרעטע טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט אין פאַרבינדונג מיט קאָנקרעטע מלחמות, א טאַקטיק וואָס הענגט אָפּ פון דעם כאַראַקטער פון א געגעבענער מלחמה.

לענינ'ס לערע וועגן מלחמה באַשטייט אויך פון די זעלביקע דריי גרונט־טיילן. די ערשטע צוויי זיינען די זעלביקע ווי בא מאַרקס'ן. דער דריטער טייל באַשעפטיקט זיך הויפּטזאַכלעך מיט דער טאַקטיק פון אַר־בעטער־קלאַס אין די דריי הויפּט־מלחמות, אין וועלכע לענין איז געווען דער פירער פון פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. מיט דער טאַקטיק פון דעם פּראָלע־טאַריאַט אין מלחמות פון אַן אויסשליסלעך אימפּעריאַליסטישן כאַראַק־טער. אויסאַרבעטנדיק די טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט אין די מלחמות פון אימפּעריאַליסטישן פּעריאָד, איז לענין געשטאַנען מיט ביידע פיס אױף דער אַלגעמיינער לערע פון מאַרקסיזם. אָבער דאָ איז אים אויס־געקומען פאָרצוזעצן מאַרקסעס לערע, זי פאַרטיפן, דערגאַנצן און זאָגן אַ סך נייס. לענינס הויפּט־אויפטו אױף אָט־דעם געביט איז זיין דעפינירן די באַציאונג פון אַרבעטער־קלאַס צו אימפּעריאַליסטישע מלחמות. דאָס איז געווען לענינ'ס ערשטע זעלבסטשטענדיקע און אין דער זעלביקער צייט פּרינציפּיעל־טעאָרעטישע דערגרייכונג.

זיין טיפן אַנאַליז פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות האָט לענין גע־מאַכט אױפן גרונט פון דער דערפאַרונג פון דער ערשטער אימפּעריאַליס־טישער וועלט־מלחמה. דער גרעסטער פון די איבערבראָכן אין דער וועלט־געשיכטע איז פאָרגעקומען אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער מלחמה. באַלייכטן דעם גאַנצן באַדייט פון דעם דאָזיקן איבערבראָך אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ווייזן דעם אַרבעטער־קלאַס דעם וועג אין דער פאַרוויקלטער סיטואַציע פון דער וועלט־מלחמה, אין אַ צייט, ווען ער, דער אַרבעטער־קלאַס, האָט געדאַרפט שפּילן און האָט געשפּילט אַן אַל־וועלטלעך־היסטאָרישע ראָל — אָט־די ריזיקע אַרבעט איז אויסגעפאַלן אױף לענינ'ס גורל. און נאָר לענין, נאָך מאַרקסן און ענגעלסן, האָט געקאָנט אָט־די היסטאָרישע אַרבעט דורכפירן.

## דער קראַך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

ווען לענינ'ען איז צום ערשטן מאָל אויסגעקומען זיך צו באַשעפטיקן מיט דער פּראָבלעם פון מלחמה, אױף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין 1907, איז די אָפיציעלע ליניע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע פון מלחמה געווען די אַלגעמיין־אָנער־קענטע שטעלונג פון מאַרקס און ענגעלס אין דער דאָזיקער פראַגע. ערשט באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָבן די קאַוטסקיס, פּלעכאַנאָווס, א. אַז. וו. זיך גענומען אויסטייטשן מאַרקס'ן אױף אַזאַ אופן, אַז די דאָזיקע

אויסטייטשונגען זאָלן פאַרדעקן זייער פאַררעט און דערצו אים נאָך געבן דעם שטעמפּל פון דעם גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס, אין דער רעזאָלוציע וועגן מלחמה, האָט פאַרפליכטעט די סאָציאַליסטן אויסצונוצן אימפּעריאַליסטישע מלחמות פאַר דעם צוועק צו באַזייטיקן קלאַסן־הערשאַפט. דער דאָזיקער פּונקט אין דער רעזאָלוציע, וואָס ראָזא לוקסעמבורג (לענין האָט זי אָפּגעטראָטן די פּאַרטרעטערשאַפט פון דער פּאַרטיי) האָט אַריינגעבראַכט אלס אן אויסבעסערונג, לייענט זיך:

„אין פאַל פון מלחמה דאַרף מען קעמפן פאַר איר שנעלן סוף און דעם געשאַפענעם קריזיס אויסנוצן פאַר אויפטרייסלען די פאָלקס־מאַסן מיטן צוועק אומצוּוואַרפן צום שנעלסטן די קאַפּי־טאַליסטישע קלאַסן־געזעלשאַפט.״

לענין האָט שפּעטער באַמערקט, אז די פאָרמולירונג, וואָס ראָזא לוקסעמבורג האָט אַריינגעבראַכט, האָט גערעדט אַ סך קאָנקרעטער וועגן רעוואָלוציאָנערער אגיטאַציע און רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען. די קאָמיסיע האָט צוליב לעגאַלע טעמים אַ ביסל אָפּגעשוואַכט די דאָזיקע אויסבעסערונג און דער קאָנגרעס האָט די רעזאָלוציע אָנגענומען. דער באַזעלער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1912, אין דער צייט פון דער מלחמה אויף די באַלקאַנען, האָט באַ־שטעטיקט די זעלביקע ליניע, ווען ער האָט אָנגעוויזן אין דער מלחמה־רעזאָלוציע אויף דעם ביישפּיל פון דער פּאַריזער קאָמונע און פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, און געסטראַשעט די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען מיט רעוואָלוציע.

אָבער שוין אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס האָט מען געקאָנט באַ־מערקן די קערנדלעך פון דעם קומענדיקן פאַררעט. לענין האָט זיי טאַקע באַמערקט און אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן זיי. אין זיין ארטיקל, „דער קעמפנדיקער מיליטאַריזם און די אַנטי־מיליטאַריסטישע טאַקטיק פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן״ (יולי 23, 1908), גיט לענין אָפּ אַ סך פּלאַץ קלאָר צו מאַכן די ריכטונגען, וואָס האָבן זיך ארויסגעוויזן אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס. לענין שרייבט:

„. . . די פּרינציפּיעלע פאַרבינדונג צווישן מיליטאַריזם און קאַפּיטאַליזם איז פעסטגעשטעלט באַ סאָציאַליסטן, וועגן דעם זיינען ניטאָ קיין מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. אָבער אָנערקענען די דאָזיקע פאַרבינדונג באַשטימט נאָך ניט די קאָנקרעטע אַנטי־מילי־

טערישע טאַקטיק פון סאָציאַליסטן, לייזט ניט די פראַגע ווי אַזוי ניט צו דערלאָזן צו מלחמה. איז אָט אין די ענטפערס אַף אָט־די פראַגן באַמערקט זיך אַ מיינונג־פאַרשיידנקייט צווישן סאָציאַליסטן. אַפן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט האָט מען געקאָנט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט קאָנסטאַטירן די דאָזיקע מיינונג־פאַרשיידנקייטן.

„אַף איין עק שטייען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון פאָלמאַר'ס טיפּ. ווייבאַלד מיליטאַריזם איז אַ קינד פון קאַפּיטאַליזם, אַרגומענטירט ער; ווייבאַלד מלחמות זיינען אַ נויטיקער באַגלייטער פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, דאַרף מען ניט קיין ספּעציעלע אַנטי־מיליטאַריסטישע טעטיקייט. אַזוי טאַקע האָט פאָלמאַר דער־קלערט אַפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין עסען." *)

לענין קריטיקירט די דאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג פון איין זייט און פון דער אַנדער זייט פּאָלעמיזירט ער קעגן די האַלבע אַנאַר־כיסטן פון הערוועס חדר:

„אַפן אַנדער עק שטייט די קליינע גרופּע אָנהענגער פון הערווע. דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאָטערלאַנד, אַרגומענטירן די הערוויסטן. הייסט עס, אַלע מלחמות זיינען אין די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן; הייסט עס, דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף קעמפן קעגן יעדער מלחמה. אַף יעדער דערקלערטער מלחמה דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט ענטפערן מיט אַ מיליטערישן סטרייק און אויפ־שטאַנד. מיט דעם דאַרף זיך באַגרענעצן די אַנטי־מיליטאַריסטישע פּראָפּאַגאַנדע." **)

אַף דעם ענטפערט לענין:

„אַז „פּראָלעטאַריער האָבן ניט קיין פאָטערלאַנד", ווערט באמת געזאָגט אין קאָמוניסטישן מאַניפעסט; אַז די פּאָזיציע פון פאָלמאַר, נאָסקע און קאָמפּאַניע „שלאָגט אין פּנים" דער דאָזיקער גרונט־הנחה פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, איז אויך ריכטיק. אָבער פון דעם דרינגט נאָך ניט די ריכטיקייט פון די באַהויפּטונגען פון הערווע און די הערוויסטן." ***)

פאַרוואָס?

---

*) לענין, באַנד 12, זייט 313.

**) דאָרטן, זייט 313.

***) דאָרטן, זייט 314.

„. . . אָננעמענדיק די הערוויסטישע טאַקטיק, וואָלט דער פּראָ־לעטאַריאַט זיך פאַרמשפּט אַף אַ פּרוכטלאָזיקער אַרבעט: זײַן גאַנצע קאַמפּס־גרייטקייט (ס׳רעדט זיך דאָך וועגן אַן אויפשטאַנד) וואָלט ער פאַרברויכט אַף אַ קאַמף מיט די פאָלגן (מלחמה), איבער־לאָזנדיק עקזיסטירן די סיבה (קאַפּיטאַליזם). דער אַנאַרכיסטישער מעטאָד פון דענקען ווייזט זיך דאָ אַרויס אין אַ פולער מאָס. אַ בלינדער גלויבן אין דער וואונדער־שאַפנדיקער קראַפט פון יעדער „דירעקטער אַקציע“; דאָס אַרויסכאַפּן די „אומיטלבאַרע באַ־ווירקונג“ פון דער אַלגעמיינער סאָציאַל־פּאָליטישער קאָניוקטור אָן דעם מינדסטן אַנאַליז — קורץ, „אַ מעכאַנישע פאַרשטעלענישן פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען“ (לויט קאַרל ליבקנעכט׳ס אויס־דרוק) איז קלאָר.“ *)

מיר וועלן שפּעטער זען ווי לעניִן האָט געענטפערט אַף דער פראַגע, וואָס עס דאַרף זײַן די טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין פאַרשיידענע מלחמות. ער האָט דעם דאָזיקן ענטפער געגעבן אין ליכט פון די דער־פאַרונגען פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. דאָ וועלן מיר בלויז נאָך אָנווייזן, ווי אַזוי לעניִן שאַצט אָפּ די דאָזיקע מיינונגס־פאַר־שיידנקייט אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל:

„אַזוי זײַנען די צוויי „עקסטרעמע“ פּאָזיציעס אין דער דאָזי־קער פראַגע אין די רייען פון די סאָציאַליסטן אין מערב. ווי „די זון אין אַ קליינעם טראָפּן וואַסער“ שפּיגלען זיי אָפּ די צוויי קראַנק־הייטן וואָס שטערן נאָך אַלץ דער טעטיקייט פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט אין מערב: אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן פון איין זייט און אַנאַרכיסטישע פראַזן־שיסרײַי פון דער אַנדערער.“ **)

באַטראַכט ווי לעניִן מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן דעם אָפענעם אָפּאָרטוניזם פון פאָלמאַר און קאָמפּאַניע און דעם אָפּאָרטוניזם, מאַסקירט אונטער לינקע פראַזן, פון הערווע און די הערוויסטן. ביידע פירן גלייך אין לאַגער פון דער בורזשואַזיע. פאַקטן האָבן עס באַשטעטיקט. ניט נאָר פאָלמאַר, נאָסקע און קאָמפּאַניע, נאָר אויך הערווע און זײַנע אָנהענגער האָבן באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה זיך געפונען אין לאַגער פון די אימפּעריאַליסטן. דער גאַנצער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַר־

*) לעניִן, „דער קעמפנדיקער מיליטאַריזם“, באַנד 12, זײַט 314.
**) דאָרטן, זײַט 314.

ראַטן דעם סאָציאַליזם, פאַרראַטן די באַשלוסן, וואָס די פירער האָבן אַליין אָנגענומען. זיי זיינען אַריבער אין לאַגער פון שונא. בלויז לענין און זיין פּאַרטיי, די רוסישע באָלשעוויקעס, זיינען געבליבן געטריי דעם סאָציאַליזם, דער סאָציאַליסטישער לערע און די סאָציאַליסטישע טראַדיציעס פון מאַרקס און ענגעלס.

## לענין נעמט זיך אויפשטעלן מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה

פון די ערשטע טעג פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, ווען ס'איז געוואָרן קלאָר דער צוזאַמענבראָך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווען איין „אויטאָריטעט" פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל נאָכן צווייטן — מענטשן, וואָס האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן זיך צוגערעקט מיט מאַרקסעס נאָמען — זיינען אַריבער אַפן זייט פון די אימפּעריאַליסטן פון זייער אייגענעם לאַנד, האָט לענין אָנגעהויבן זיין אומדערמידלעכע אַרבעט קלאָר צו מאַכן פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט דעם וועג אויף וועלכן ער דאַרף גיין, דעם רעוואָלוציאָנערן אויסוועג פון מלחמה, אויסאַרבעטן די טאַקטיק פון אַרבעטער-קלאַס אין דער מלחמה און צוריק אָרגאַניזירן די צעבראָכענע רייען פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

נאָך דעם 4טן אויגוסט, 1914, האָט לענין אָנגערופן דעם קאַמף קעגן אָפּאָרטוניזם — קלאַסן-קאַמף. באַ לענינ'ען איז דאָס ניט געווען אַ שיין ווערטל אַזאַ. ער האָט געמאַכט פון דעם פּראַקטישע אויספירן: אַ פולשטענדיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער איבעררייס מיטן אָפּאָרטוניזם. דאָס וואָס איז שוין געווען אַ פאַקט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד — די פולשטענדיקע שפּאַלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטן-מענשעוויקעס — האָט געדאַרפט, נאָך דעם איבערגאַנג פון די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין לאַגער פון דער בורזשואַזיע, פאַרווירקלעכט ווערן אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. לענין שטעלט באַלד אַרויס דעם לאָזונג פון אַ דריטן אינטערנאַציאָנאַל. ער שרייבט, דעם ערשטן נאָוועמבער 1914:

„דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז טויט, באַזיגט דורך אָפּאָרטוניזם. נידער מיטן אָפּאָרטוניזם און זאָל לעבן אַן אויסגערייניקטער, ניט בלויז פון „איבערלויפער", נאָר אויך פון אָפּאָרטוניזם, דריטער אינטערנאַציאָנאַל!" *)

*) לענין, „די לאַגע און אויפגאַבן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל", באַנד 18, זייט 71.

אין אָט־דעם קאַמף, פאַר אויסרייניקן דעם אינטערנאַציאָנאַל פון אָפּאָרטוניזם, איז לענינ'ען פריער פון אַלץ אויסגעקומען זיך צו באַשעפטיקן מיט „רעסטאַווריר״־אַרבעט, אויפשטעלן דעם אמת'ן שטאַנדפונקט פון מאַרקס און ענגעלס אַף מלחמה און רעוואָלוציע און אָפּשלאָגן די פאַלשע אויסטייטשונגען און פעלשונגען פון מאַרקסן, מיט וועלכע די פאַררעטער האָבן פאַרפּלייצט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג. לענין האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז „אָן אַ רעוואָלוציאָנערער טעאָריע איז ניט מעגלעך קיין רעוואָלוציאָנערע פּראַקטיק״.

די סיסטעמאַטישע אַרבעט צו פעלשן מאַרקסן, אַרויסנעמען די „רעוואָלוציאָנערע נשמה״ פון מאַרקסיזם, איז אָנגעגאַנגען אין די רייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זינט 1898, ווען בערנשטיין האָט זיך גענומען „רעווידירן״ מאַרקסן. אין די יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה איז אָט־די פעלשערישע אַרבעט אָנגעגאַנגען באַזונדער אינטענסיוו, ספּעציעל בנוגע מאַרקסעס לערע וועגן מלוכה און זיין לערע וועגן מלחמה. לענינ'ס ערשטע אַרבעטן אין אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה זיינען דעריבער הויפּטזאַכלעך געווען געווידמעט אַ מאַרקסיסטישער אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער מלחמה און דער אויפשטעלונג פון מאַרקסעס שטאַנדפּונקט אַף מלחמה בכלל. ער האָט קודם כל געמוזט אָפּרייניקן מאַרקסעס רעוואָלוציאָנערע לערע פון דעם מיסט, מיט וועלכן די פעלשער האָבן זי פאַראומרייניקט. לענין האָט דעריבער געמוזט פירן אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן לאַסאַליאַנסטווע, אַ ביטערן קאַמף קעגן אַלע שאַטירונגען פון סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם, פון סאָציאַל־פּאַציפיזם, קעגן די צענטריסטן אין אַלע זייערע שאַטירונגען, פון קאַוטסקין ביז די סאַמע „לינקע״ (טראָצקי), קעגן די טעות'ן פון לוקסעמבורגיזם און פון די „לינקע״ באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, א. אז. וו.

זיין פּאָלעמיק קעגן אָפּאָרטוניזם איז אַן אומ'ברחמנות'דיקע. ער טרעט אַרויס קעגן וועלכע ניט איז פשרות מיט זיי, קעגן יעדן פאַרזוך צו פירן פּאַרטיי־דיפּלאָמאַטיע אַפּן חשבון פון אַ פּרינציפּיעלער מאַרקסיסטיש־אויסגעהאַלטענער שטעלונג צו די פראַגן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער וועלט־מלחמה. די וויכטיקע אויפגאַבע איז איבעררייסן מיטן אָפּאָרטוניזם — רעכטן און „לינקן״ — אַרויסטרייבן אים פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַרויסטרייבן דעם אָפּאָרטוניזם פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען אַ פאָרבאַדינג פאַר דער מעגלעכקייט אויסצונוצן די מלחמה אין די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס.

די דאָזיקע אויפגאַבע שטייט היינט צו טאָג, אַפּן שוועל פון דער

צווייטער וועלט־מלחמה, פונקט אזוי שאַרף ווי זי איז געשטאַנען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ קאַמף אַף צוויי פראָנטן, קעגן רעכטן און „לינקן" אַפּאָרטוניזם איז אַ פאָרבאַדינג פאַר דעם דער־פאָלגרייכן קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס קעגן קאַפּיטאַליזם בכלל, קעגן אימ־פּעריאַליסטישע מלחמות בפרט.

20 יאָר נאָכדעם ווי לענין האָט אָנגעהויבן דעם דאָזיקן קאַמף זיינען די באַדינגונגען אַנדערש, דער תוך פון אַפּאָרטוניזם איז געבליבן דער זעלביקער.

## ווי אזוי די אַפּאָרטוניסטן האָבן געזוכט צו באַרעכטיקן די אימפּעריאַליסטישע וועלט-מלחמה

אין פנים פון דער ברויזנדיקער כוואַליע פון שאָוויניזם, וואָס האָט געבושעוועט אין אַלע מלחמה־לענדער, האָט לענין זיך גענומען אויפקלערן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט וועגן דעם נייעם כאַראַק־טער פון דער דאָזיקער מלחמה — דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה, וואָס האָט זי אונטערשיידט פון די מלחמות פון די פריערדיקע פּעריאָדן.

דער קאַפּיטאַליזם, האָט לענין באַוויזן, קאָן היסטאָריש איינגעטיילט ווערן אין דריי עפּאָכעס (די פערטע עפּאָכע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זיג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד). די כראָנאָלאָגישע גרענעצן פון די דאָזיקע עפּאָכעס זיינען: 1) דער פּעריאָד צווישן 1789—1871; 2) פון 1871 ביז 1914; 3) דער אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה אין 1914.

די ערשטע עפּאָכע שליסט איין אין זיך די מלחמות פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ביז דער פראַנצויזיש־דייטשער מלחמה און דער פּאַריזער קאָמונע. די דאָזיקע עפּאָכע ווערט פון לענינען כאַראַקטערי־זירט אַלס די עפּאָכע פון דעם אויפשטייג פון דער בורזשואזיע ביז איר פולשטענדיקן זיג, די עפּאָכע פון בורזשואַזע־דעמאָקראַטישע באַוועגונגען בכלל און בורזשואַזע־נאַציאָנאַלע מלחמות בפרט.

די צווייטע עפּאָכע איז די עפּאָכע פון דער פולשטענדיקער הערשאַפט פון דער בורזשואזיע, די עפּאָכע פון איר איבערגאַנג פון אַ פּראָגרעסיוון קלאַס צו אַ רעאַקציאָנערן און צום רעאַקציאָנערסטן פינאַנץ־קאַפּיטאַל. אין דער זעלביקער צייט איז דאָס די עפּאָכע, ווען דער אַרבעטער־קלאַס גרייט זיך צו פאַר זיין היסטאָרישער ראָל און זאַמלט לאַנגזאַם זיינע כחות.

די דריטע עפּאָכע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער מלחמה, געפינט די בורזשואזיע אין דער זעלביקער לאַגע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען די פעאָדאַלן אין פאַרלויף פון דער ערשטער עפּאָכע. די דריטע עפּאָכע איז די עפּאָכע פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות און דעם אָנהויב פון פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס.

פאַרגלייכן דעריבער די מלחמות פון דער ערשטער עפּאָכע מיט דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט־מלחמה די לאָזונגען און טאַקטיק פון דער ערשטער עפּאָכע מיינט דינען דעם רעאַקציאָנערן קלאַס, מיינט דינען דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואזיע.

די סאָציאַל־שאָוויניסטן — שרייבט לענין אין זיין ווערק, „סאָציאַליזם און מלחמה" — די רוסישע בארופן זיך אויף מאַרקסעס טאַקטיק אין דער מלחמה פון 1871; די דייטשע (פון טיפּ פון לענטש, דאַוויד און קאָמפּאַניע) — אויף ענגעלסעס דערקלערונג אין 1891 וועגן דער פליכט פון די דייטשע סאָציאַליסטן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד אין פאַל פון אַ מלחמה מיט רוסלאַנד און פראַנקרייך צוזאַמענגענומען; און די סאָציאַל־שאָוויניסטן פון קאַוטסקיס טיפּ, וואָס ווילן מאַכן שלום און איינבירגערן דעם נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, בארופן זיך אויף דעם, וואָס מאַרקס און ענגעלס, פאַראורטיילנדיק מלחמות, האָבן פונדעסטוועגן אין אַלע מלחמות פון זייער צייט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון איין מלוכה, אָדער אַ צווייטער.

די דאָזיקע אַלע אָנווייזונגען, זאָגט לענין, שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַרזוך צו דינען דער בורזשואזיע און די אָפּאָרטוניסטן, צודעקנדיק זיך מיט די נעמען פון מאַרקס און ענגעלס.

## די פראַגע וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" און „פאַרטיידיקונג־מלחמות"

דער לאָזונג וועגן פאַרטיידיקן דאָס „אייגענע פאָטערלאַנד" איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן פון יעדן פון די קעמפנדיקע לענדער. די פליכט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, האָבן זיי געזוכט צו באַווייזן, שטיצט זיך אויף דער פּאָליטיק און פון די קלאַסן־ווידערשפּרוכן אין פרידלעכע צייטן. די טראַדיציעס פון דער ערשטער עפּאָכע, פון די נאַציאָנאַלע מלחמות פון קאַפּיטאַליזם, זיינען אויסגענוצט געוואָרן מצד די סאָציאַל־שאָוויניסטן צו איבערצייגן די מאַסן, אַז ס׳איז די פליכט פון סאָציאַליסטן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד.

דעם ענטפער אַף אָט־דער פראַגע האָט באמת שוין געגעבן פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג די רעזאָלוציעס פון שטוטגאַרטער און באַזעלער קאָנגרעסן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. בארופן זיך אַף די רעזאָלוציעס פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן איז אָבער ניט געווען גענוג צו איבערצייגן די מאַסן. אגב, איז דער לאָזונג וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" איינע פון די הויפּט־וועגטעקעס, אַף וועלכער מען כאַפּט די אַרבעטער־מאַסן באַם אָנהויב פון יעדער מלחמה. לענין האָט דעריבער אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ אין זיינע אַרבעטן פון דעם דאָזיקן פעריאָד צו באַווייזן אַז דער דאָזיקער לאָזונג קאָן ניט מער אָנגעווענדעט ווערן בנוגע די מלחמות פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע.

דער לאָזונג „פאַר דער פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד" איז געווען פולשטענדיק אין פּלאַץ און היסטאָריש פּראָגרעסיוו אין דער ערשטער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם, ווען דער דאָזיקער לאָזונג איז געבאָרן געוואָרן.

„מען קאָן ניט זיין קיין מאַרקסיסט" — שרייבט לענין — „ניט פילנדיק די טיפסטע אַכטונג צו די גרויסע בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געהאַט אַן אַלוועלטלעך־היסטאָרישע רעכט צו ריידן אין נאָמען פון בורזשואַזע „פאָטערלענדער", וואָס האָבן אויפגעהויבן צענדליקער מיליאָנען פון די נייע נאַציעס צו אַ ציוויליזירטן לעבן אין דעם קאַמף קעגן פעאָדאַליזם."*)

די גרויסע בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן זיינען דעריבער געווען גערעכט, ווען זיי האָבן אַרויסגערוקט דעם דאָזיקן לאָזונג, וואָרים ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ היסטאָריש־פּראָגרעסיוון קאַמף:

„דער גרונט־אָביעקטיווער אינהאַלט פון די היסטאָרישע דערשיינונגען אין דער צייט פון די מלחמות ניט נאָר פון 1855, 1859, 1864, 1866, 1870, נאָר אויך פון 1871 (רוסיש־טערקישע) און פון 1896—1897 (די מלחמות פון טערקיי מיט גריכנלאַנד און די אַרמענישע אומרוען זיינען געווען בורזשואַזע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, אָדער די „ספּאַזמען" פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין באַפרייען פון פאַרשיידענע פאָרמען פון פעאָדאַליזם."**)

אָבער אין דעם איצטיקן פעריאָד, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דער

---

*) לענין, „קראַך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל", באַנד 18, זייט 250.
**) לענין, „אונטער אַ פרעמדער פאָן", באַנד 18, זייט 109.

אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע און אימפּעריאַליסטישע מלחמות, איז דער דאָזיקער לאָזונג בלויז אַ מיטל צו באַרעכטיקן דעם פאַרראַט קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס, צו באַרעכטיקן דאָס אַריבערלויפן אַף דער זייט פון רעאַקציאָנערן קלאַס, פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע. אין אַ נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער מלחמה פאַרטיידיקט דער פּראָלעטאַריאַט זיין פאָטערלאַנד, ד. ה. אונטער געוויסע באַדינגונגען שטיצט ער אַזאַ מלחמה, דערפאַר וואָס זי איז פּראָגרעסיוו. אין אַ רעאַקציאָנערער מלחמה, ווי די וועלט־מלחמה, קאָן דער אַרבעטער־קלאַס זיך ניט שטעלן אַף אַזאַ פּאָזיציע. זיין אויפגאַבע איז ניט צו „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", נאָר אויסצונוצן די שוועריקייטן פון דעם הערשנדיקן קלאַס, כדי אים צו פאַרניכטן.

אַראָפּרייסן די מאַסקעס פון די אָפּענע סאָציאַל־שאָוויניסטן און אויפדעקן זייער דינסט אין די אינטערעסן פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע איז געווען נאָר איין טייל פון לעניג׳ס קאַמף פאַר אַ מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. לענין האָט אויך געמוזט אויפדעקן דעם שאָוויניזם פון די צענטריסטן, פון קאַוטסקי׳ן און זיינע אָנהענגער, וואָס האָבן דורך פאַרשיידענע „טעאָרעטישע" פּאָקוסן און שווינדלען געזוכט צו געבן זייערע אַרויסטרעטונגען אין די אינטערעסן פון אימפּעריאַליזם אַ „מאַרקסיסטישע" אויסטייטשונג, וואָס די אָפּענע סאָציאַל־שאָוויניסטן האָבן מיט אַ ברען אונטערגעכאַפּט, כדי צו באַרעכטיקן זייער פאַררעטערישע פּאָליטיק.

קאַוטסקי און די „טעאָרעטיקער" פון זיין חדר האָבן פון אָנהויב בכלל אָפּגעלייקנט דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער מלחמה. זיי האָבן די וועלט־מלחמה דערקלערט אַלס אַ נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־מלחמה. די דייטשע צענטריסטן האָבן גע׳טענה׳ט, אַז די מלחמה ווערט געפירט קעגן „רוסישן צאַריזם" און האָבן אָנגעוויזן אַף מאַרקסן, וועלכער האָט זיך אַלעמאָל אָריענטירט אַף מלחמה קעגן רוסישן צאַריזם. די צענטריסטן פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און די אַנדערע לענדער, וואָס האָבן געפירט די מלחמה קעגן דייטשלאַנד, האָבן גע׳טענה׳ט, אַז די מלחמה איז קעגן „פּרייסישן מיליטאַריזם". אַזאַ באַרעכטיקונג פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה האָט אָבער צו לאַנג ניט געקאָנט ווירקן אַף די מאַסן. דאָס איז געווען אַ צו גראָבע שטיקל אַרבעט, ספּעציעל ווען די אָפיציעלע מיליטערישע פּראָפּאַגאַנדע פון ביידע קעמפנדיקע לאַגערן האָט זיך באַנוצט מיט די דאָזיקע אַרגומענטן פריער פון קאַוטסקין, כאָטש קאַוטסקי האָט דאָס געמאַכט אַ ביסל געשיקטער. די קאַוטסקיאַנער האָבן דעמאָלט אַנט־

ווייקלט די טעאָריע וועגן אַ „פאַרטיידיקונגס־מלחמה". אנשטאָט דער פּאָליטישער פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער פון דער מלחמה, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט די פראַגע: „ווער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן די מלחמה?"

אף דעם דאָזיקן „טעאָרעטישן" שווינדל האָט לענין געענטפערט באַזונדערס קלאָר און שאַרף. מאַרקסעס מעטאָד, האָט לענין געשריבן, באַשטייט קודם כל אין קלאָר מאַכן דעם אָביעקטיוון אינהאַלט פון אַ היסטאָרישן פּראָצעס אין אַ געגעבענעם קאָנקרעטן מאָמענט, אין אַ געגעבענער קאָנקרעטער אומגעבונג, כדי צו פאַרשטיין וועלכע באַוועגונג פון וועלכן קלאַס איז די הויפּט־פּרוזשינע פון מעגלעכן פּראָגרעס אין דער קאָנקרעטער אומגעבונג. אין וועלכע קאָנקרעטע באַדינגונגען קאָן מען שטעלן די פראַגע וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", וועגן אַן „אָנגריף"־ און אַ „פאַרטיידיקונג"־מלחמה? און לענין ענטפערט:

„די עפּאָכע פון 1789—1871 האָט איבערגעלאָזן טיפע צייכנס און רעוואָלוציאָנערע דערינערונגען. ביז דער אומוואַרפונג פון פעאָדאַליזם, אַבסאָלוטיזם און פרעמד־נאַציאָנאַלן יאָך האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן דער אַנטוויקלונג פון פּראָלעטאַרישן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. ריידנדיק וועגן דער געזעצלעכקייט פון אַ „פאַרטיידיקונג"־מלחמה בנוגע מלחמות פון אַזאַ עפּאָכע, האָבן סאָציאַליסטן אַלעמאָל בפירוש געהאַט אין זינען די צוועקן, וואָס פירן צו אַ רעוואָלוציע קעגן מיטלאַלטער און לייב־אייגנטום. אונטער אַ „פאַרטיידיקונג"־מלחמה האָבן סאָציאַליסטן אַלעמאָל פאַרשטאַנען אַ „גערעכטע" אין דעם דאָזיקן זינען מלחמה (ווילהעלם ליבקנעכט האָט אַמאָל זיך טאַקע אַזוי אויסגעדריקט).

„בלויז אין דעם זינען האָבן סאָציאַליסטן אָנערקענט און אָנערקענען אויך איצט די געזעצלעכקייט, די פּראָגרעסיווקייט, די גערעכטיקייט פון „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", אָדער פון אַ „פאַרטיידיקונג"־מלחמה." *)

אָבער אין אַ מלחמה צווישן צוויי, אָדער עטלעכע אימפּעריאַליסטישע לענדער, אין אַ מלחמה, וואָס ווערט געפירט אין די אינטערעסן און איז אַ פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון אַ רעאַקציאָנערן קלאַס, אין אַ מלחמה, וואָס איז אין אַלע הינזיכטן רעאַקציאָנער, אין אַ רויבערישער מלחמה

*) לענין, „סאָציאַליזם און מלחמה", באַנד 18, זייט 194.

קאָן מען ניט אָנווענדן די מאָס פון א „פאַרטיידיקונג״־מלחמה. לענין דערקלערט עס מיט דעם פאָלגנדיקן ביישפּיל:

„. . . שטעלט זיך פאָר, אז א שקלאַפנהאַלטער, וואָס האָט 100 שקלאַפן, פירט מלחמה מיט א שקלאַפנהאַלטער, וואָס האָט 200 שקלאַפן פאַר א מער „גערעכטער״ איבערטיילונג פון די שקלאַפן. ס׳איז קלאָר, אז אָנווענדן צו אזא פאַל דעם באַגריף פון א „פאַר־טיידיקונג״־מלחמה, אָדער „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד״ וואָלט געווען היסטאָריש פאַלש און פּראַקטיש א באַשווינדלונג פון פּראָסטן עולם, פון קליינבירגער, פון פינסטערן מענטשן דורך די פלינקע שקלאַפנהאַלטער. אָט אזוי טאַקע באַשווינדלט די איצטיקע אימ־פּעריאַליסטישע בורזשואַזיע די פעלקער אין דער היינטיקער מלחמה צווישן שקלאַפנהאַלטער דורך „נאַציאָנאַלער״ אידעאָלאָגיע און באַ־גריפן וועגן פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד פאַר דער באַפעסטיקונג און פאַרשטאַרקונג פון שקלאַפעריי.״ *)

ווער עס באַרופט זיך איצט אויף דער שטעלונג פון מאַרקס צו די מלחמות אין דער עפּאָכע פון דער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע און פאַר־געסט וועגן מאַרקסעס ווערטער, אז „די אַרבעטער האָבן ניט קיין פאָטער־לאַנד״ — ווערטער, וואָס האָבן א באַזונדערן באַדייט פאַר דער עפּאָכע פון דער רעאַקציאָנערער, אָפּגעלעבטער בורזשואַזיע, פאַר דער עפּאָכע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע — דער צעקריפּלט מאַרקסן אויף א שענדלעכן אופן און פאַרבייט דעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט אויף א בורזשואַזן. דאָס וואָס ס׳איז אַנטשיידנדיק פאַר דער אָנווענדונג פון באַגריף „פאַרטיידיקונג״־מלחמה איז ניט די פראַגע ווער ס׳האָט אָנגעהויבן די מלחמה, נאָר דער פּאָליטישער אינהאַלט, דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון דער מלחמה.

די פראַגע ווער ס׳האָט אָנגעהויבן א מלחמה ווערט געוויינטלעך אַרויסגערוקט פון דער דיפּלאָמאַטיע פון א הערשנדיקן קלאַס, כדי בעסער צו קאָנען פאַרנאַרן די ברייטע מאַסן צו שטיצן די מלחמה. אין די מערסטע פאַלן איז פאַקטיש כמעט ניט מעגלעך צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע און טעאָרעטיש האָט זי א מינדערוויכטיקן ווערט. אין זיין בוך „מלחמה און דער קריזיס פון סאָציאַליזם״, וואָס איז דורכגעגאַנגען לענינס רעדאַקציע, ברענגט חבר זינאָוויעוו א גאַנצע ריי היסטאָרישע ביישפּילן, וואָס באַווייזן, אז לענדער, וואָס זיינען געווען די ערשטע צו דערקלערן

*) לענין, „סאָציאַליזם און מלחמה״, באַנד 18, זייט 194.

מלחמה, זיינען היסטאָריש־פּאָליטיש ניט געווען די אָנהויבער פון די דאָזיקע מלחמות.

א דריטער „טעאָרעטישער" ארגומענט, וואָס די צענטריסטן מיט קאוטסקין בראש האָבן ארויסגערוקט פאר דער באַרעכטיקונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, איז געווען דער פאַרזוך צו פאַרבייטן די פראַגע וועגן פּאָליטישן כאַראַקטער פון דער מלחמה מיט דער פראַגע: „וואו געפינט זיך דער שונא?" — געפינט ער זיך אויף דער טעריטאָריע פון אונזער לאַנד, אָדער ניט? קאוטסקיס גרופּע, די „אומאָפּהייננגיקע" אין דייטשלאַנד, האָבן אין 1916 געשטימט אין רייכסטאַג קעגן מלחמה־קרעדיטן. זיי האָבן אָבער מאָטיווירט זייער שטימען קעגן מלחמה־קרעדיטן מיט דעם, וואָס „די גרענעצן פון אונזער פאָטערלאַנד זיינען פאַרזיכערט פון א פיינטלעכן איבערפאַל". דער אויספיר פון אזא שטעלונג האָט גע־מוזט זיין, אז אין די לענדער, אויף וועמעס טעריטאָריע עס געפינט זיך דער שונא, זיינען סאָציאַליסטן באַרעכטיקט צו שטיצן די מלחמה פון זייער בורזשואַזיע. אָט דער אופן פון באַרעכטיקן דאָס „פאַרטיידיקן פון פאָטערלאַנד" איז פאַר די סאָציאַל־שאָוויניסטן געווען פון אינטערנאַציאָ־נאַלער וויכטיקייט. צו יענער צייט (1915—1916) איז אין צימערוואַלד שוין אוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. האָבן די אָפּאָרטוניסטן אויך געזוכט, אַפּן באַזיס פון א קעגנזייטיקן פאַר־געבן זיך די זינד, פון א „קעגנזייטיקער אַמנעסטיע", אויפצושטעלן די חורבות פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די דאָזיקע טעאָריע איז געווען קאַטוסקי'ס ארבעט. לענין האָט מיט רעכט אָנגערופן די דאָזיקע טעאָריע א הינטן־ארומיקע באַרעכטיקונג פון סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם. אין דעם ארטיקל, „דער צוזאַמענברוך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל", שרייבט לענין:

„דער גראָבער שאָוויניזם פון פּלעכאַנאָוון שטייט אויף דער זעל־ביקער טעאָרעטישער פּאָזיציע ווי דער מער דינער פשרה־מאַכעריש־זימלעכער שאָוויניזם פון קאַוטסקין, ווען דער לעצטער באַרעכטיקט דעם איבערגאַנג פון די סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער אויף דער זייט פון זייערע „אייגענע" קאַפּיטאַליסטן דורך דעם פאָלגנדיקן ארגו־מענט:

„אַלע האָבן א רעכט און זיינען פאַרפליכטעט צו פאַרטיידיקן דאָס אייגענע פאָטערלאַנד; אמת'ער אינטערנאַציאָנאַליזם באַשטייט אין אָנערקענען דאָס רעכט פאַר די סאָציאַליסטן פון אַלע נאַציעס,

ארייגגערעכנט די וואָס קעמפן מיט מיין נאַציע. (זע „נייע צייט", 2טן אָקטאָבער, און אַנדערע ווערק פון דעם זעלביקן אויטאָר.)

„דער דאָזיקער אומפּאַרגלייכבאַרער אַרגומענט איז אַזאַ גרענעצלאָז־מיאוסע חוזק־מאַכעריי איבערן סאָציאַליזם, אַז דער בעס־טער ענטפער אויף דעם וואָלט געווען צו באַשטעלן אַ מעדאַל מיט די פיגורן פון ווילהעלם דעם צווייטן און ניקאָלאַי דעם צווייטן אויף איין זייט און פון פּלעכאַנאָוו און קאַוטסקין אויף דער צווייטער. דער אמת'ער אינטערנאַציאָנאַליזם, פאַרשטייט איר מיך, באַשטייט אין באַרעכטיקן, אַז די פראַנצויזישע אַרבעטער זאָלן שיסן אין די דייטשע און די דייטשע אין די פראַנצויזישע אין נאָמען פון „פאַר־טיידיקן דאָס פאָטערלאַנד"."*)

אָט אַזוי האָט לענין ניט איבערגעלאָזט אַ שטיין אויף אַ שטיין פון די אַלע „טעאָריעס", וואָס די אָפּאָרטוניסטן האָבן אַנטוויקלט צו באַרעכטיקן די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה, צו באַרעכטיקן זייער פאַרראַט פון די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס. דער יסוד פון אָט־דער גרויסער אַרבעט פון אַלוועלטלעך־היסטאָרישער וויכטיקייט איז געווען מאַרקסעס דיאַ־לעקטישער מעטאָד. לענין האָט גענומען בײַ מאַרקסן די מאַטעריאַליס־טישע פאַרשטענדעניש פון דער געשיכטע, דעם שטאַנדפּונקט אויף דער צווישנבאַציאונג צווישן מלחמות און רעוואָלוציעס, דעם אַלגעמיינעם צו־גאַנג צו אויסלענדישע מלחמות, די אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון אַרבעטער־קלאַס, וואָס קאָן זיך ניט באַפרייען, ניט באַפרייענדיק די גאַנצע וועלט. אָבער די דערקלערונג פון דעם כאַראַקטער פון די נ י י ע מלחמות פון דעם נ י י ע ם פּעריאָד, די קאָנקרעטע אָפּשאַצונג פון די מלחמות אין דעם אימפּעריאַליסטישן פּעריאָד פון קאַפּיטאַליסטישער אַנט־וויקלונג, די מלחמות אין שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — די דאָזיקע אַרבעט האָט לענין דורכגעפירט זעלבסטשטענדיק.

## לענינס טאַקטיק און לענינס לאָזונגען אין אימפּעריאַליסטישער מלחמה

אַנטקעגן דער אָפענער און באַהאַלטענער באַרעכטיקונג פון דער אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה, אַנטקעגן דער פאַררעטערישער טאַקטיק פון די אָפּאָרטוניסטן אין שטיצן די מלחמה, האָט לענין אַנטוויקלט אַ גאַנצע סיס־

*) לענין, באַנד 18, זייט 249.

טעם פון פּראָלעטאַרישער טאַקטיק אין צייט פון אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

לענינס טאַקטישע סיסטעם, כאָטש אויבנאויף אַ פּאַרוויקלטע, ווערט איינפאַך און קלאָר, ווען מיר פאַרשטייען ווי אַזוי אָנצוכאַפּן זיך אָן דעם הויפּט־רינג פון דער קייט, וואָס בינדט צוזאַמען די דאָזיקע סיסטעם. דער דאָזיקער הויפּט־רינג איז לענינס לאָזונג: „פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג." דער צווייטער, לויט דער וויכטיקייט, לאָזונג, וואָס דרינגט אינגאַנצן אַרויס פון דעם ערשטן, איז דער לאָזונג: „דער דורכפאַל פון דער „אייגענער" רעגירונג אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה." אָט די לאָזונגען גיבן אונז דעם שליסל צו לענינס טאַקטישער סיסטעם אין צייט פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

מיר האָבן געזען, אַז לענין, פּונקט ווי מאַרקס, האָט געהאַלטן אַז מלחמה פאַרשנעלערט זייער שטאַרק די אַנטוויקלונג פון רעוואָלוציע אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט. דאָס איינציקע לאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אַפן שוועל פון רעוואָלוציע באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, איז געווען רוסלאַנד. עטלעכע טעג איידער די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן, האָבן די פּעטערבורגער (איצט לענינגראַד) אַרבעטער געבויט באַריקאַדן אין קאַמף קעגן צאַריזם. די צווייטע רעוואָלוציע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן דערוואַרט און צוגעגרייט אין רוסלאַנד, האָט אָנגעהויבן ווערן רייף. אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע.

כאָטש די מלחמה האָט פון אָנהויב געגעבן אַ צוריקשטויס דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז אָבער לענין געווען אַ דיאַלעקטיקער. ער האָט ניט געצווייפלט, אַז די אימפּעריאַליסטישע מלחמה וועט שטאַרק פאַרשנעלערן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אַז ס'וועט אַוועק נאָר אַ קורצע צייט און ס'וועט פאָרקומען אַ דיאַלעקטישע ענדערונג: דער אַרבעטער־קלאַס וועט אַנטוויקלען זיין ענערגיע און וועט אַוועק מיט שנעלערע טריט אין דער ריכטונג פון רעוואָלוציע. אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט.

דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער באַדייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז געווען קלאָר פאַר לענינען נאָך פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905. אַ סך קלאָרער איז פאַר לענינען געוואָרן דער וועלט־באַדייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין די באַדינגונגען פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. לענין האָט כמעט ניט געצווייפלט, אַז די ערשטע רעוואָלוציע אין פאַרבינדונג מיט דער אַלוועלטלעכער קאַטאַסטראָפע וועט פאַר־

קומען אין רוסלאנד. אין אנדערע לענדער האָט די מלחמה ערשט געדאַרפט שאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, אין רוסלאַנד האָט אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע עקזיסטירט, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. ס'איז דעריבער קלאָר, אַז די פּראָבלעמען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַלס טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, אַלס איר אַקס, האָבן געמוזט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין לענינס טאַקטישער סיסטעם, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט אין לויף פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה און שפּעטער אין גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. די ענטפערס, וואָס לענין האָט געגעבן אויף די פּראָבלעמען פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט אין פאַרבינדונג מיט אימפּעריאַליסטישער מלחמה, זיינען גילטיק פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

וואָס איז די אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה? וואָס פאַר אַ לאָזונגען דאַרף דער אוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס אַרויסשטעלן, וואָס זאָלן ווייזן דעם וועג, העלפן פאַראייניקן די כחות פון אַרבעטער־קלאַס פאַר זיין היסטאָרישער אויפגאַבע, די פאַרניכטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג? לענין ענטפערט אויף דעם אין מאַניפעסט פון צענטראַלקאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וואָס ער האָט געשריבן באַלד נאָך דעם אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה, אין סעפּטעמבער 1914:

„די פאַרוואַנדלונג פון דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער מלחמה אין אַ בירגער־קריג איז דער איינציקער ריכטיקער פּראָלעטאַרישער לאָזונג, וואָס די דערפאַרונג פון דער פּאַריזער קאָמונע האָט באַוויזן, וואָס איז אָנגעמערקט אין דער באַזעלער (1912) רעזאָלוציע, וואָס דרינגט אַרויס פון אַלע באַדינגונגען פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה צווישן הויך־אַנטוויקלטע בורזשואַזע לענדער. ווי גרויס ס'זאָלן ניט אויסזען די שוועריקייטן פון אַזאַ פאַרוואַנדלונג אין איינער אָדער אַ צווייטער מינוט, וועלן סאָציאַליסטן זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן פון אַ סיסטעמאַטישער, פאַר'עקשנ'טער, אומאָפּנויגנדיקער צוגרייטונג־אַרבעט אין אָט־דער ריכטונג, ווייבאַלד די מלחמה איז געוואָרן אַ פאַקט.״ *)

*) לענין, „מלחמה און די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״, באַנד 18, זייט 66.

## „פאַרוואַנדלען אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג"

אין זיין בראָשור, „סאָציאַליזם און מלחמה", דערקלערט לענין דעם דאָזיקן לאָזונג אַף דעם פאָלגנדיקן אופן:

די מלחמה האָט בלי ספק געשאַפן דעם שאַרפסטן קריזיס און האָט פאַרשאַרפט אומגעהויער די ליידן פון די מאַסן. דער רעאַקציאָנערער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער מלחמה, דער מיאוסער ליגן פון דער בורזשואַזיע פון אַלע לענדער, וואָס פאַרדעקט אירע רויבערישע צילן דורך אַ „נאַציאָנאַלער" אידעאָלאָגיע — דאָס אַלץ וועט אַפן באָדן פון אַן אָביעקטיווער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע אומפאַרמיידלעך שאַפן רעוואָלוציאָנערע שטימונגען בא די מאַסן. די פליכט פון סאָציאַליסטן איז צו העלפן שאַפן די דאָזיקע שטימונגען, פאַרטיפערן זיי, צוגעבן זיי אַ פאָרם. די דאָזיקע אויפגאַבע דריקט אויס דער לאָזונג: „פאַרוואַנדלען דעם אימפּעריאַליסטישן קריג אין אַ בירגער־קריג"; בלויז דער דאָזיקער לאָזונג פאַרווירקלעכט אין די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה די פאָרזעצונג פון דער קלאַסן־פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס — דעם קלאַסן־קאַמף אין קעגנזאַץ צו דעם „בורג־פרידן", וואָס די אָפּאָרטוניסטן האָבן פּראָקלאַמירט אין אָנהויב פון דער מלחמה; בלויז דער דאָזיקער לאָזונג אַנטהאַלט אין זיך די מעגלעכקייט פאַר אַן אויסגעהאַלטענעם קלאַסן־קאַמף אין דער צייט פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה, מאַכט מעגלעך יעדע ערנסט־דורכגעפירטע טאַקטיק פון „מאַסן־אַקציעס".

אין די ווערטער וועגן „מאַסן־אַקציעס" האָט לענין, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, אָנגעוויזן אַף דער ניט־ריכטיקייט פון דעם לאָזונג פון דער גרופּע פון ראָזע לוקסעמבורג, וואָס האָט אַרויסגערוקט דעם דאָזיקן ניט אינגאַנצן קלאָרן לאָזונג אַנשטאָט דעם לענינישן לאָזונג פון פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגער־קריג. לענין ווייזט אָן, אַז די באָלשעוויקעס זיינען, פאַרשטענדלעך, פאַר „מאַסן־אַקציע". אָבער, גיט ער צו, יעדע ערנסט־דורכגעפירטע מאַסן־אַקציע, יעדער קלאַסן־קאַמף אין דער צייט פון מלחמה, מוז אומבאַדינגט אַרויסרוקן די פראַגע וועגן רעוואָלוציע. פאַר די אַרבעטער־מאַסן דריקט דעריבער דער לענינישער לאָזונג אַמקלאָרסטן אויס די אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס. די אימפּעריאַליסטישע מלחמה, דערקלערט לענין, וויל דערשטיקן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע דאַרף דערשטיקן די אימפּעריאַליסטישע מלחמה. די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע וויל

אויסנוצן די לאגע, וואָס די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט געשאַפן — קריגס־צושטאַנד, דער אויפשטייג פון שאָוויניזם, דער פאַרראַט פון די פירער, וואָס רופן צו „בורג־פרידן" — כדי צוריקצושטויסן די אַרבעטער. דער רעוואָלוציאָנערער אוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס דאַרף אויסנוצן די געשאַפענע לאַגע — די מאַסן־באַוועגונג פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, די וואַקסנדיקע אומצופרידנקייט פון די מאַסן — כדי צוריקצושטויסן די בורזשואַזיע און לויט די מעגלעכקייטן מאַכן אַ סוף צו דער בורזשואַזיע, מאַכן אַ סוף צו דער קלאַסן־געזעלשאַפט.

אָבער לענין איז ניט קיין קאַבינעט־געלערנטער, וואָס טראַכט־צו פאָרמולעס, וועלכע זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין זיין סיסטעם. לענין איז אַ פּראַקטישער פירער. ער קאָן גענוי די סיטואַציע און ווייס, אַז אַף מאָרגן נאָכדעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן וועט מען ניט קאָנען פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג. ער ווייס, אַז דאָס איז אַ פּראָצעס. ער ווייס אויך, אַז אין אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה איז די אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־קלאַס שטאַרק צעבראָכן געוואָרן. וואָס־זשע זאָל מען טאָן? ווי אַזוי זאָל מען אָנהויבן? אַף דעם ענטפערט לענין:

„אַלס די ערשטע שריט אַפן וועג צו פאַרוואַנדלען די איצטיקע אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג דאַרף מען אָנווייזן: 1) אומבאַדינגט זיך אָפּזאָגן פון שטימען פאַר מלחמה־קרעדיטן און צוריקציען זיך פון די בורזשואַזע מיניסטעריומס; 2) איבעררייסן אינגאַנצן מיט דער פּאָליטיק פון „בורג־פרידן"; 3) שאַפן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס אומעטום, וואו די רעגירונגען און די בורזשואַזיע שאַפן אָפּ קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטן דורך איינפירן קריגס־צושטאַנד; 4) שטיצן דאָס חבר'ן זיך פון די סאָלדאַטן פון די קעמפנדיקע נאַציעס אין די טרענטשעס און אַף די מלחמה־פעלדער בכלל; שטיצן יעדן מין רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון פּראָלעטאַריאַט." *)

ווי מיר זעען, זיינען דאָס געווען גאַנץ באַשיידענע אויפגאַבן, וואָס לענין האָט זיך געשטעלט באַם אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה. איצט זעט אונז אויס, אַז אָט־די אויפגאַבן זיינען אַזעלכע פּשוט'ע און זעלבסט־פאַרשטענדלעכע. אָבער איצט האָבן מיר הינטער זיך אַ געשיכטע פון 15

*) לענין, „קאָנפערענץ פון אויסלענדישע סעקציעס פון דער רוסלענדישער ס. ד. פּאַרטיי", באַנד 18, זייט 126.

יאָר קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאַל, פון 15 יאָר טעטיקייט פון די קאָמו־ניסטישע פּאַרטייען אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין 1914, האָט לענין געהאַט מיט זיך בלויז אַ הייפעלע אָנהענגער. אין דעם ברויזנדיקן שטראָם פון שאָוויניזם און סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם האָט די דאָזיקע פּראָגראַם אויסגעקוקט ווי אויסגעזויגן פון פינגער. לענין האָט אָבער אין די שווערסטע מינוטן קיינמאָל ניט געצווייפלט, אַז די דיאַלעקטיק פון געשעענישן וועט זיך זאָרגן צו פאַרגרעסערן די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי פון אַרבעטער־קלאַס. ער האָט, ווי ער פלעגט עס אַלעמאָל טאָן, ניט בלויז אַרויסגערוקט אַן אַלגעמיינעם לאָזונג, נאָר אָנגעוויזן אויף די קאָנקרעטע שריט, וואָס פירן אין דער געגעבענער סיטואַציע צו פאַרווירקלעכן דעם ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט. אין דעם ליגט די קראַפט פון לענינס דיאַלעקטיק! ער זעט דאָס גאַנצע און די באַזונדערע טיילן, וואָס שטעלן צוזאַמען דאָס גאַנצע.

## דער שטורעם אין לאַגער פון די אָפּאָרטוניסטן

לענינס לאָזונג וועגן „פאַרוואַנדלען די מלחמה אין אַ בירגער־קריג" האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין לאַגער פון די אָפּאָרטוניסטן פון אַלע שאַטירונגען. מען האָט לענינען געזוכט צו פאַרשרייען אַלס אַ בונטאַר, אַן אַנאַרכיסט, אַ בלאַנקיסט, צו פאַרשרייען אים מיט אַלע זידל־ווערטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לעקסיקאָן פון די אָפּאָרטוניסטן. שוין אָפּ־גערעדט פון די אָפענע סאָציאַל־פּאַטריאָטן און צענטריסטן, האָט דעם דאָזיקן לאָזונג אויך אָפּגעוואָרפן ראָזע לוקסעמבורג (וועגן לענינס פּאָלעמיק מיט ראָזע לוקסעמבורג וועלן מיר ריידן באַזונדער). טראָצקי, וועלכער איז געשטאַנען אויפן לינקן פליגל פון צענטריזם צו יענער צייט, האָט אויפ־געוואָרפן לענינען און די באָלשעוויקעס, אַז זיי שפּילן זיך מיט רעוואָ־לוציאָנערע לאָזונגען. אנשטאָט דעם לענינישן לאָזונג האָט ער אַרויס־גערוקט די לאָזונגען: „פרידן", „אָפּשטעלן די מלחמה", „ניט קיין זיג, ניט קיין דורכפאַל".

„באַלד אָפּשטעלן די מלחמה" — האָט טראָצקי געשריבן —
„אָט דאָס איז דער לאָזונג, אונטער וועלכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָן צוריק צונויפקלייבן אירע צעזייטע רייען סיי אין די פּאַרטייען פון די באַזונדערע לענדער, סיי אין גאַנצן אינטערנאַציאָנאַל."*)

---

*) טראָצקי, „מלחמה און רעוואָלוציע", ערשטער באַנד, זייט 150.

וועגן די צענטריסטן פון קאוטסקים חדר איז שוין אפגערעדט! פלעכאנאוו האט געמאכט א פארזוך אויסצולאכן לענינען. בא לענינען, האט ער געחוזק׳ט, איז אלץ איינפאך, ער האט באזייטיקט אלע שוועריקייטן. אלץ וואס מען דארף נאר טאן איז „מאכן א רעוואלוציע ג ל י י כ צ י י ט י ק אין אלע לענדער". „וואס זיינען די שאנסן פון דער ג ל י י כ צ י י ט י ק ע ר רעוואלוציע, וואס ער (לענין) שלאגט פאר? און וואס וועט זיין, אז די רעוואלוציע וועט ניט פארקומען?"

מיר ווייסן אבער, אז פלעכאנאווס ארגומענטן זיינען אויסגעזויגן פון פינגער. ניט נאר האט לענין ניט פארגעשלאגן קיין ג ל י י כ צ י י ט י ק ע רעוואלוציע אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, גאר מיר האבן געזען, אז לענין האט פון סאמע אנהויב פון דער מלחמה ניט אויפגעהערט קלאר צו מאכן דעם געזעץ פון ניט־גלייכמעסיקער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם און צו דערקלערן, אז די דאזיקע ניט־גלייכמעסיקייט קאן ברענגען צום זיג פון סאציאליזם אין איין לאנד. וואס לענין האט געפאדערט, איז אן איינהייטלעכע און געאייניקטע טעטיקייט פון אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט קעגן דער בורזשואזיע, קעגן דער אימפעריאליסטישער מלחמה.

דער שטורעם קעגן לענינס פראגראם און לענינס לאזונג איז געווען באזונדער שטארק אין לאגער פון די צענטריסטן, ווייל די צענטריסטן זיינען דאס געווען די יעניקע, וואס האבן געזוכט צוריק אויפצושטעלן דעם צווייטן אינטערנאציאנאל. ווי מיר האבן געזען, האט קאוטסקי שוין אפילו געהאט געשאפן א טעאריע פון אן „אלגעמיינער אמנעסטיע", א טעאריע, וואס האט בארעכטיקט די סאציאליסטן פון יעדן לאנד צו שטיצן די אימפעריאליסטישע מלחמה פון זייער אייגענער בורזשואזיע. לענינס פראגראם האט ענדגילטיק אפגעבראכן מיט די אפארטוניסטן און האט ניט געלאזט קיין פלאץ פאר די פאררעטער אין די רייען פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער־באוועגונג. די צענטריסטן האבן זיך דעריבער געאייניקט ארום דעם לאזונג פון זייער לינקן פליגל, ארום טראצקים לאזונג פון „פרידן אונטער אלע באדינגונגען". אף דעם פונקט זיינען זיך צוזאמענגעקומען סיי טראצקי, סיי קאוטסקי, סיי די ענגלישע סאציאלפאציפיסטן, סיי די רוסישע מענשעוויקעס מיט מארטאוון און אקסעלראדן בראש, אפילו די מערהייט פון די צימערוואלדער האט אנגענומען דעם דאזיקן טראצקיסטישן לאזונג. ס׳איז דעריבער נויטיק זיך אפצושטעלן א ביסל מער גענוי אף אט־דעם לאזונג, ספעציעל, ווען טראצקי און די

טראָצקיסטן טרעטן איצט ווידער אַרויס קעגן דער לעניניסטישער ליניע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע פון מלחמה.

## וואָס האָט באַדייט דער לאָזונג „פרידן", „אָפּשטעלן די מלחמה"?

נאָך דעם פאַרראַט פון די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל באַם אויסברוך פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, איז לענין מער ווי ווען ניט איז פריער געווען קעגן אַזעלכע לאָזונגען, וואָס ווערן דיקטירט דורך פּאַרטיי־פּאָליטיק, וואָס באַצוועקן אַריבערצוּוואַרפן אַ בריק צווישן די רעוואָלוציאָנערן און די צענטריסטן און רעפאָרמיסטן. ער האָט אונטער־שטראָכן די נויטיקייט פון אַזעלכע לאָזונגען, וואָס זאָלן קלאָר מאַכן פאַר די אַרבעטער די אויפגאַבן פון זייער קלאַס און במילא טיפער מאַכן דעם תהום צווישן די רעוואָלוציאָנערן און אָפּאָרטוניסטן.

אין דער פראַגע וועגן דעם לאָזונג: „פרידן אונטער אַלע באַדינ־גונגען", איז לענין געשטאַנען אויף דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען אין דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה פון 1904־1905.

שוין דעמאָלט האָט לענין, שטיצנדיק זיך אויף מאַרקסן, באַוויזן אַז דער לאָזונג פון דער „איסקראַ" — „פרידן אונטער אַלע באַדינגונגען", איז ניט קיין ריכטיקער, ניט קיין מאַרקסיסטישער לאָזונג.

לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דער פּאָלעמיק, וואָס לענין האָט געפירט אין 1904־1905 קעגן די מענשעוויקעס פון דער אַלטער „איסקראַ", ווייל אין לענינס געדאַנקען וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה ליגן שוין די קערנדלעך צו לענינס לערע וועגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה.

„דער קלאַסן־שטנדפּונקט אויף מלחמה און פרידן" — שרייבט לענין אין אַפּריל 1905 — „איז ניט ענלעך אויף דעם בורזשואַזן־דעמאָקראַטישן פאַראורטיילן פון מלחמה בכלל." *)

„פון אַן אַבסאָלוטן שטאַנדפּונקט" — שרייבט ווייטער לענין אין אַן עדיטאָריעל אין באָלשעוויסטישן זשורנאַל „וופּעריאָד", — „איז אַ רעוואָלוציע אויך אַזאַ אומגליק ווי מלחמה. רעוואָלוציע — איז אויך מלחמה, בירגער־מלחמה, אַ מלחמה, מער צעשטערנ־דיק און שרעקלעכער, וואָס קומט איינגאַנצן פאַר אויף דער טערי־טאָריע פון דעם גענעבענעם פאָלק, און וואָס ציט אַריין אין קאַמף

*) „באַמערקונגען וועגן מלחמה", לענין־זאַמלבוך, באַנד 5, זייט 117.

אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג. א רעוואָלוציע, ווי א מלחמה, טראָגט מיט זיך טויט, פייער, פארניכטונג, הונגער. אָבער וועט כאָטש באַ איין רעוואָלוציאָנער ניט אָפּנעמען דער לשון ארויס־צוקומען פּראָטעסטירן קעגן רעוואָלוציע, ארויסרופן קעגן איר די הנחה, אז זי איז אן אומגליק, אומאָפּהייגיק פון אירע רעזולטאַטן? אָבער דוקא פון אָט דעם סענטימענטאַל־עטישן שטאַנדפּונקט האָט באַ א געוויסן טייל פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיך געטראָגן דער פּראָטעסט קעגן דער מלחמה.״

פאר אָט־דער מוטיקער מארקסיסטישער פאָרמולירונג האָבן די מענ־שעוויקעס שוין דעמאָלט אטאקירט לעניגען, און זיי זיינען געשטיצט געוואָרן פון די זיילן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. יעדער וואָס איז וויפיל ניט איז באַקאַנט מיט מארקסעס שטאַנדפּונקט בנוגע מלחמה, ווייס, אז לענין האָט אָנגעווענדט דעם מארקסיסטישן שטאַנדפּונקט וועגן מלחמה צו דער קאָנקרעטער מלחמה פון יענער צייט. אָבער שוין דעמאָלט האָבן די פירער פון צווייטן אינטערנאציאָנאַל געזוכט צו באַהאַלטן און פעלשן מארקסן און זיין רעוואָלוציאָנערע קלאַסן־קאַמף טעאָריע. לענינס מוטיקער ארויסטריט מיט א מארקסיסטישער פאָרמולירונג וועגן מלחמה האָט אויפגערודערט דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיליסטערטום.

לענין האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו דערמאָנען און צו אונטער־שטרייכן, אז בירגער־קריג איז אויך מלחמה.

„די גרויסע פראגן פון פּאָליטישער פרייהייט און קלאַסן־קאַמף ווערן אין ענדגילטיקן סך־הכל געלייזט דורך מאכט און מיר דאַרפן זיך זאָרגן צוצוגרייטן די אָרגאַניזירונג פון דער דאָזיקער מאכט און זיך אקטיוו באַנוצן מיט איר ניט בלויז פאר פאַרטיידיקונג, נאָר אויך פאר אָנגריף.״

פּונקט אזוי מוטיק שטעלט שוין דעמאָלט לענין די פראַגע וועגן דער קעגנבאַציאונג צווישן מלחמה און רעוואָלוציע. אין זיין אַרטיקל, „דאָס פאַלן פון פּאָרט־אַרטור״, שרייבט לענין:

„ס׳זיינען אוועק אין דער אייביקייט זיך ניט אומצוקערן די צייטן, ווען מלחמות האָט מען געפירט דורך געדונגענע, אָדער האַלב־אָפּגעריסענע פון פאָלק, קאַסטעס. מלחמות ווערן איצט געפירט פון פעלקער.״*)

*) לענין, „דאָס פאַלן פון פּאָרט־אַרטור״, באַנד 7, זייט 46.

פון דעם ווערט קלאָר, אַז דער אויסגאַנג פון מלחמה איז ניט קיין „סענטימענטאַל־עטישע" פראַגע, נאָר איז אַף דעם ענגסטן אופן פאַרבונדן מיט דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון די קעמפנדיקע לענדער, מיט דעם קלאַסן־קאַמף אין די דאָזיקע לענדער. אָנגעווענדט אַף דער לאַגע אין צאַרישן רוסלאַנד, אין 1904־1905, האָט דער לאָזונג, „פרידן אונטער אַלע באַדינגונגען" געמיינט, ווי לענין האָט געשריבן אין „וופּעריאָד" — „פרידן כאָטש פאַרן פּרייז פון אויפהאַלטן די זעלבסטהערשונג, כאָטש פאַרן פּרייז צו דערשטיקן די רעוואָלוציע."

און ווען נאָכן פאַלן פון פּאָרט־אַרטור, האָט די אַמעריקאַנישע און ענגלישע בורזשואַזיע אָנגעהויבן צו באַשטיין אַף אַ באַלדיקן פרידן, אַף אַ פרידן „אונטער אַלע אומשטענדן", מורא האָבנדיק, אַז דער מורא'דיקער קלאַפּ, וואָס יאַפּאַן האָט געגעבן דעם צאַריזם, וועט פאַרשנעלערן און ראַדיקאַליזירן די רוסישע רעוואָלוציע און וועט זיך אומבאַדינגט אָפּרופן אַפן קלאַסן־קאַמף אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע, האָט לענין געהאַט די מעגלעכקייט אָנצואווייזן די רוסישע מענשעוויקעס: זעט, דער לאָזונג פון דער אייראָפּייאישער רעאַקציע איז געוואָרן: „פרידן אונטער אַלע באַדינגונגען", כדי צו ראַטעווען די רוסישע זעלבסטהערשאַפט.

יעדער קלאַפּ, וואָס יאַפּאַן האָט אין 1904־1905 געגעבן דעם רוסישן צאַריזם, האָט געשטאַרקט די רוסישע רעוואָלוציע. „דער באַוואוסט־זיניקער פּראָלעטאַריאַט" — האָט לענין געשריבן — „זייענדיק אַן אומ־דערבאַרעמדיקער שונא פון מלחמה, וואָס איז אַן אומפאַרמיידלעכער און אומבאַזייטיקבאַרער באַגלייטער פון יעדער קלאַסן־הערשאַפט בכלל — קאָן ניט פאַרמאַכן די אויגן אַף דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע, וואָס ווערט דורכגעפירט דורך דער יאַפּאַנעזישער בורזשואַזיע, וואָס גראָ־מירט דעם צאַריזם." *)

לענין האָט ניט פאַרגעסן, אַז די יאַפּאַנעזישע בורזשואַזיע איז אַ קלאַסן־שונא. מאָרגן קאָן זי ווערן דער סאַמע געפערלעכסטער שונא, אָבער היינט איז די לאַגע אַזאַ, אַז דער דאָזיקער קלאַסן־שונא האָט פאַר איין קורצן מאָמענט דורכגעפירט אַ „רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבע". דער לאָזונג פון באַלדיקן שלום איז דעריבער געווען אַ רעאַקציאָנערער לאָזונג אין די אינטערעסן פון צאַריזם.

נאָך מיט מער גלאַנץ האָט לענין אַנטוויקלט די מאַרקסיסטישע

---

*) לענין, „דאָס פאַלן פון פּאָרט אַרטור", באַנד 7, זייט 48.

שטעלונג קעגן דעם דאָזיקן לאָזונג אין די באַדינגונגען פון דער אימ־פעריאַליסטישער מלחמה. די צענטריסטן האָבן פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן לאָזונג אונטערן אויסרייד, אַז די מאַסן וועלן ניט פאַרשטיין אַ דירעקטן רוף צו אַ רעוואָלוציע, אַז אַ ברייטע מאָביליזירונג פון די מאַסן קאָן נאָר דורכגעפירט ווערן אונטער אַ לאָזונג, וואָס איז זיי פאַרשטענדלעך. טראָצקי, מיט זיינע געוויינטלעכע לינקע פראַזן, מיט וועלכע ער דעקט צו זיין אָפּאָרטוניזם, זיין דינסט דער בורזשואַזיע, האָט געשריבן:

„פונקט ווי אַרום דעם לאָזונג „מלחמה ביזן סוף" האָבן זיך גרופּירט די טרעגער פון פאַרשיידענע טענדענצן אין סאָציאַליזם, אַזוי שטייען אונטערן לאָזונג „מלחמה דער מלחמה" סיי די, וואָס שטרעבן אוועקצושטעלן אונטער די פיס פון פּראָלעטאַריאַט אַ „נאַר־טרייסלונגען . . . אָנהויבנדיק מיטן קאַמף אָפּצושטעלן די מלחמה, פאָרם פון קאַמף פאַר רעפאָרמען און פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון אָרגאַניזאַציע, סיי אויך די וואָס זעען אין דער דאָזיקער מלחמה דעם בלוטיקן פּראָלאָג פון אַן עפּאָכע פון טיפסטע סאָציאַלע אויפ־טרייסלונגען . . . אָנהויבנדיק מיטן קאַמף אָפּצושטעלן די מלחמה קאָן די רעוואָלוציאָנערע מאָביליזאַציע פון די מאַסן זיך פאַר־ענדיקן מיט דער דעראָבערונג פון פּאָליטישער מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט." *)

קאַוטסקי און די רוסישע מענשעוויקעס האָבן אפילו געפּרואווט באַ־וויזן, אַז לענין און די באָלשעוויקעס זיינען „קעגן פרידן", אַז זיי „שפּילן אין די הענט פון די אימפּעריאַליסטן", א. אז. וו.

אוואדע האָבן לענין און די באָלשעוויקעס געוואוסט, אַז די פעלקער ווילן פרידן; זיי האָבן געוואוסט, אַז די פאָדערונג פון פרידן קאָן אין פאַרלויף פון דער מלחמה ווערן די סאַמע פּאָפּולערסטע פאָדערונג פון די ברייטסטע מאַסן אין די קעמפנדיקע לענדער. אָבער פון דעם האָט בכלל ניט געדרונגען, אַז דער אוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געדאַרפט באַגרענעצן מיט דער פאָדערונג פון פרידן.

„איין זאַך" — שרייבט לענין — „זיינען די לאָזונגען פון באַ־וואוסטזיניקן אוואַנגאַרד פון די אַרבעטער, אַן אַנדער זאַך — די סטיכישע פאָדערונג פון די מאַסן . . . אַלע כחות דאַרף מען אָנווענדן אויף דעם, כדי אויסצונוצן די שטימונג פון די מאַסן פאַר פרידן.

*) טראָצקי, „מלחמה און רעוואָלוציע".

אָבער ווי אַזוי אויסנוצן? אָנערקענען דעם לאָזונג פון פרידן און אים איבער'חזר'ן? דאָס וואָלט געווען אַ שווינדל, אַ מיטל אָפּ־צונאַרן די מאַסן."*)

פאַרוואָס?

„פּראָפּאַגאַנדע פון פרידן אין דער איצטיקער צייט, — ענט־פערט לענין — „וואָס ווערט ניט באַגלייט דורך אַ רוף צו רעוואָלו־ציאָנערע אַקציעס פון די מאַסן, קאָן בלויז זייען אילוזיעס, שאַפן באַ דעם פּראָלעטאַריאַט צוטרוי צו דער הומאַנישקייט פון דער בורזשו־אַזיע און אים פאַרוואַנדלען אין אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע פון די קעמפנדיקע לענדער. באַזונדערס איז טיף־פאַלש דער געדאַנק, אַז ס'איז מעגלעך אַן אַזוי־גערופענער דעמאָקראַטישער פרידן אָן אַ ריי רעוואָלוציעס."**)

אַז לענין איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער לאָזונג פון פרידן אָן אַ רוף צו רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קאָן פאַרוואַנדלען דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער געהיימער דיפּלאָ־מאַטיע באַווייזט דער פאַקט, וואָס אין יוני 1915 האָט אין דעם אָרגאַן פון דער דייטשער רעגירונג זיך באַוויזן אַן אַרטיקל פון אַן אָנגעזעענעם פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, קוואַרק, וואו ער האָט צווישן אַנדערעם געשריבן:

„מיר, די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אונזערע עסט־רייכישע חברים, דערקלערן אָן אַן אויפהער, אַז מיר זיינען פול־שטענדיק גרייט אַריינצוטרעטן אין באַציאונגען מיט די ענגלישע און פראַנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָנצוהייבן פאַרהאַנדלונגען וועגן פרידן. די דייטשע אימפּעריִשע רעגירונג ווייס וועגן דעם און שטעלט אונז ניט די מינדסטע שטערונגען."

אויף דעם האָט לענין געענטפערט:

„אַ לעקציע די ליבהאָבער פון דער פראַזע, וועלכע, ווי טראָצקי, פאַרטיידיקן קעגן אונז דעם לאָזונג פון „פרידן", באַרופנדיק זיך, צווישן אַנדערעם, אויף דעם, אַז אַלע „לינקע" האָבן זיך כלומרשט „אַקטיוו" פאַראייניקט אונטער דעם דאָזיקן לאָזונג! די רעגירונג פון די יונקערס האָט איצט באַוויזן די ריכטיקייט פון אונזער בערנער

*) לענין, „די פראַגע וועגן פרידן", באַנד 18, זייטן 227-228.
**) לענין, „קאָנפערענץ אין בערן", באַנד 18, זייט 127.

רעזאָלוציע, וואָס דערקלערט, אַז די פּראָפּאַגאַנדע פון פרידן, וואָס „ווערט ניט באַגלייט דורך אַ רוף צו רעוואָלוציאָנערער אַקציע פון די מאַסן, קאָן בלויז זייען אילוזיעס” און פאַרוואַנדלען דעם פּראָ-לעטאַריאַט אין „אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע פון די קעמפנדיקע לענדער”. דאָס ווערט בוכשטעב-לעך באַשטעטיקט!” *)

פאַרוואָס איז דער לאָזונג „פרידן” אַ פאַלשער לאָזונג?

די אַרגומענטן, וואָס לענין און די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגע-בראַכט, זיינען די פאָלגנדיקע:

אויב ס׳איז ריכטיק, אַז די וועלט־מלחמה איז אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה, אַז דער אימפּעריאַליזם איז אַ גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם; אויב ס׳איז ריכטיק, אַז די אימ-פּעריאַליסטישע מלחמה איז געווען די ערשטע פון אַ גאַנצער עפּאָכע פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות; אויב ס׳איז ריכטיק, אַז די עפּאָכע פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות דראָעט דער מענטשהייט מיט אומצאָליקע אומגליקן, מיט פאַרגאָסענע טייכן בלוט, מיליאָנען קרבנות, דראָעט צוריק-צושטויסן די אַרבעטער־באַוועגונג — אויב דאָס אַלץ איז ריכטיק, און וועגן דעם איז ניטאָ קיין צווייפל, דאַרף מען זיך שטעלן די פראַגע: ווי אַזוי קעמפט מען קעגן וואָרצל פון דעם דאָזיקן אומגליק? קעמפן דורך דעם, וואָס אין דער צייט פון אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה וועלן מיר פאָדערן פרידן? און ווען מיט אַ קורצער צייט שפּעטער וועט אויסברעכן אַ נייע מלחמה, וועלן מיר ווידעראַמאָל פאָדערן פרידן — און אַזוי אָן אַ סוף?

ווען דאָס איז אין די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן, ענדיקט זיך די מלחמה און ס׳ווערט געשלאָסן „פרידן” — ביז וואַנען די אינ-טערעסן פון דעם הערשנדיקן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס דיקטירן אים אָנ-צוהויבן אַ נייע מלחמה. ווען מיר זאָגן, אַז מיר פאָדערן פרידן, האָבן מיר נאָך גאָרניט געזאָגט וועגן דעם, ווי אַזוי מיר וועלן באַקעמפן דעם וואָרצל פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות. ווען מיר זאָגן אָבער, אַז מען דאַרף פאַרוואַנדלען אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג, האָבן מיר געגעבן אונזער ענטפער, דעם ענטפער פון אַרבעטער־קלאַס אויף דעם, ווי אַזוי צו באַפרייען די מענטשהייט פון אימפּעריאַליסטישן גיהנום.

---

*) לענין, „צו דער אָפּשאַצונג פון לאָזונג „פרידן”, באַנד 18, זייט 225.

„מיר זיינען פאַר אַ דעמאָקראַטישן פרידן" — האָט לענין געשריבן — „און טאַקע דערפאַר ווילן מיר ניט זאָגן אַ ליגן די פעלקער, ווי עס לאָיגן — פאַרשטענדלעך מיט די בעסטע כוונות און בעסטע אבזיכטן — טוראַטי און קאַוטסקי. מיר ווילן זאָגן דעם אמת: אַז אַ דעמאָקראַטישער פרידן איז אוממעגלעך, אויב דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד וועט ניט אומוואַרפן די בורזשואַזע רעגירונגען." *)

און ווען פּרעזידענט ווילסאָן, דער וואָרט־פירער פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם, האָט אַרויסגערוקט זיין פּראָגראַם פון „פרידן", ווען די לאָזונגען פון דער אַמעריקאַנער בורזשואַזיע האָבן זיך איבערגעפלאָכטן מיט די לאָזונגען פון דער אָפּאָרטוניסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט לענין געשריבן:

„טאַקע איצט, ווען די פירנדיקע בורזשואַזיע גרייט זיך פרידלעך צו אַנטוואָפענען מיליאָנען פּראָלעטאַריער און אָן געפּאַר פאַר זיך אַריבערפירן זיי—אונטערן צודעק פון אַן אָנשטענדיקער אידעאָלאָגיע און דורך באַגיסן זיי ניט אַנדערש, ווי מיטן הייליקן וואַסערל פון זיסענקע פאַציפיסטישע פראַזן! — פון די שמוציקע, שטינקענדיקע טרענטשעס, וואו זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט שלאַכטן מענטשן — אַף די קאַטאָרגעס פון קאַפּיטאַליסטישע פאַבריקן, וואו זיי דאַרפן דורך „ערלעכער אַרבעט" אָפּאַרבעטן הונדערטער מיליאָנען פון דעם מלוכה־חוב, טאַקע איצט קריגט נאָך אַ גרעסערן באַדייט ווי אין אָנהויב פון דער מלחמה דער לאָזונג, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געווענדעט צו די פעלקער אין האַרבסט פון 1914טן יאָר: פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגער־קריג פאַרן סאָציאַליזם." **)

לענין מאַכט ניט דעם לאָזונג: „פרידן" אַלס צענטער פון קאַמף קעגן מלחמה, ער שטעלט ניט אַוועק דעם דאָזיקן לאָזונג אַנטקעגן דעם לאָזונג: „פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג", ווייל ער וויל ניט זאָגן קיין ליגן די פעלקער. די מאַסן ווילן וויסן ווי אַזוי מען קאָן ענדיקן די מלחמה? און לענין ענטפערט:

„די מלחמה קאָן מען ניט ענדיקן דורך אַ „צוזאַמענרייד" פון

*) לענין, „אַ קער אין דער וועלט־פּאָליטיק", באַנד 19, זייט 384.
**) דאָרטן.

די סאָציאַליסטן פון פאַרשיידענע פעלקער, דורך אַן „אַרויסטריט" פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, דורכן „ווילן" פון פאָלק, א. אז. וו. — אַלע פראַזן פון דעם דאָזיקן סאָרט, מיט וועלכע ס'זיינען אָנגעפילט די אַרטיקלען פון אָבאָראָנצעס, האַלב־אָבאָראָנצעס און האַלב־אינטערנאַציאָנאַליסטישע צייטונגען, און אויך די צאָלרייכע רעזאָלוציעס, אויפרופן, מאַניפעסטן, רעזאָלוציעס פון סאָוועט פון אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן — די אַלע פראַזן זיינען ניט מער ווי פוסטע, אומשולדיקע, גוטינקע וואונטשן פון קליינבירגער. ס'איז ניטאָ עטוואָס מער שעדלעך ווי אַזעלכע פראַזן — „דער אויס־דרוק פון די פעלקער פאַר פרידן", „אַפּן טאָג־אָרדענונג זיינען אַרויס־טרעטונגען פון פּראָלעטאַריאַט" (נאָך די רוסן זיינען די דייטשן „נעקסט"!) א. אז. וו. — דאָס אַלץ איז לואי־בלאַנאָווטשינע, זיסינקע טרוימען, אַ שפּיל אין „פּאָליטישע קאַמפּאַניעס", אין דער פּראַקטיק אַן איבער'חזר'ונג פון פאַבל וועגן קאַט־וואַסקאַ.

„די מלחמה איז געבאָרן געוואָרן ניט דורך דעם שלעכטן ווילן פון רויבער־קאַפּיטאַליסטן, כאָטש זי ווערט, בלי ספק, געפירט אין זייערע אינטערעסן און מאַכט בלויז זיי רייך. די מלחמה איז גע־באָרן געוואָרן דורך אַ האַלב־יאָרהונדערטיקער אַנטוויקלונג פון וועלט־קאַפּיטאַל, דורך זיינע ביליאָנען פעדים און פאַרבינדונגען. מען קאָן ניט אַרויסשפּרינגען פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה, מען קאָן זיך ניט דערשלאָגן קיין דעמאָקראַטישן, קיין ניט־גוואַלדזאַמען פרידן, ניט אַראָפּוואַרפנדיק די מאַכט פון קאַפּיטאַל, אָן דעם, אַז די מלוכה־מאַכט זאָל איבערגיין צו אַן אַנדער קלאַס, צום פּראָלע־טאַריאַט." *)

פון דעם דרינגט אַרויס די „פרידנס־פּראָגראַם" פון די באָלשעוויקעס אין דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה:

„די „פרידנס־פּראָגראַם" פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן דאַרף באַשטיין פריער פון אַלץ אין אויפדעקן די היפּאָקריטסטווע פון די בורזשואַזע, סאָציאַל־שאָוויניסטישע און קאַוטסקיאַנישע פראַזן וועגן פרידן. דאָס איז דאָס ערשטע און גרינטלעכסטע. אָן דעם זיינען מיר אומפרייוויליקע אָדער פרייוויליקע אַרויסהעלפער אין באַ־

*) לעניג, „די אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט אין אונזער רעוואָלוציע", באַנד 20, זייט 118.

שווינדלען די מאסן. אונזער פרידנס־פּראָגראַם פאָדערט, אַז די הויפּט־פאָדערונג פון דער דעמאָקראַטיע אין דער דאָזיקער פראַגע — דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַנעקסיעס — זאָל אָנגעווענדט ווערן אין דער ווירקלעכקייט און ניט אין ווערטער, זאָל דינען דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, ניט נאַציאָנאַלער צבוע׳צסטווע. צוליב דעם דאַרף מען קלאָר מאַכן פאַר די מאַסן, אַז אָפּזאָגן זיך פון אַנעקסיעס, ד. ה. אָנערקענען זעלבסט־באַשטימונג, איז אויפריכטיק בלויז דעמאָלט, ווען אַ סאָציאַליסט פון יעדער נאַציע פאָדערט די פרייהייט פאַר דער נאַציע, וואָס ווערט דורך זיין נאַציע עקס־פּלואַטירט, זיך אָפּצוטיילן. ווי אַ פּאָזיטיוון לאָזונג, וואָס ציט אַריין די מאַסן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף און דערקלערט די נויטיקייט פון רעוואָלוציאָנערע מיטלען פאַר אַ „דעמאָקראַטישן" פרידן, דאַרף מען אַרויסשטעלן דעם לאָזונג: זיך אָפּזאָגן צאָלן די מלוכה־חובות.

„אונזער „פרידנס־פּראָגראַם" דאַרף, ענדלעך, באַשטיין אין אויפקלערן, אַז די אימפּעריאַליסטישע מלוכות און די אימפּעריאַ־ליסטישע בורזשואַזיע קאָן ניט געבן קיין דעמאָקראַטישן פרידן." *)

מיר זעען, אַז דער תוך פון לענינ׳ס פרידנס־פּראָגראַם באַשטייט אין אַריינציען די מאַסן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. נאָר דאָס קאָן זיין די „פרידנס־פּראָגראַם" פון אַרבעטער־קלאַס, כל זמן ער האָט ניט פאַרנומען די מאַכט און ניט געמאַכט זיכער, אַז ער אַליין וועט מאַכן שלום, דורך אָפּשאַפן די סיבה פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה, די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג.

## דער דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה

„די איינציקע פּאָליטיק פון אַ ווירקלעכן, ניט־ווערטערלעכן, איבעררייס מיטן „בורג־פרידן", פון אָנערקענען דעם קלאַסן־קאַמף, איז אַ פּאָליטיק, וואָס מאַכט מעגלעך פאַרן פּראָלעטאַריאַט אויסצו־נוצן די שוועריקייטן פון זיין רעגירונג און פון זיין בורזשואַזיע, כדי זיי אומצוואַרפן. און דאָס קאָן מען ניט דערגרייכן, צו דעם קאָן

*) לענין, „וועגן דער פּראָגראַם פו פרידן", באַנד 19, זייט 54.

מען ניט שטרעבן, ניט פארלאנגענדיק א דורכפאל פון דער אייגענער רעגירונג, ניט מיטהעלפנדיק אזא דורכפאל." *)

מיר האבן פריער געזאגט, אז לענינס צוויטער, לויט וויכטיקייט, לאזונג אין אימפעריאליסטישער מלחמה, וועלכער דרינגט ארויס פון דעם הויפט-לאזונג: „פארוואנדלען אן אימפעריאליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג", איז דער לאזונג: „פאר דעם דורכפאל פון דער אייגענער רעגירונג אין אן אימפעריאליסטישער מלחמה".

לענין האט פארטיידיקט אט־דעם לאזונג מיט אזויפיל אויסגעהאלטנ־קייט און מיט אזא ברען, דערפאר וואס אט־דער לאזונג האט אפן קלארסטן אופן אפגעגרענעצט די רעוואלוציאנערן פון די אפענע און באהאלטענע סאציאל־שאוויניסטן.

לענין איז ניט געווען דער „אנטדעקער" פון דער טעאריע פון דעפיטיזם, דעם דורכפאל פון דער „אייגענער רעגירונג", פונקט, למשל, ווי מארקס איז ניט געווען דער „אנטדעקער" פון דער טעאריע פון קלאסן־קאמף. מיר ווייסן, אז מארקס אליין האט אפגעלייקנט, אז ער האט געמאכט די דאזיקע אנטדעקונג. די עקזיסטענץ פון קלאסן און דעם קאמף פון קלאסן האט מען אנטדעקט פאר מיר, האט מארקס געזאגט. דאס נייע, וואס איך האב ארייגעבראכט, איז באַ־שטאנען אין באווייזן, אז קלאסן־קאמף פירט אומפארמיידלעך צו דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט, און אז די פראלעטארישע דיקטאטור איז נאר אן איבערגאנג־שטופע צו דער פארניכטונג פון אלע קלאסן. פונקט דאס זעלביקע האט לענין געקאנט זאגן וועגן זיך אין פארבינדונג מיט דער טעאריע וועגן דעם דורכפאל פון דער אייגענער רעגירונג אין אן אימפעריאליסטישער מלחמה.

אז דער דורכפאל פון א רעאקציאנערער רעגירונג אין א לאנד, וואס איז פארוויקלט אין אן אויסלענדישער מלחמה, קאן ברענגען נוצן דער באפרייאונגס־באוועגונג, איז געווען אנגענומען ביז דער וועלט־מלחמה ניט בלויז אין סאציאליסטישע, נאר אפילו אין ליבעראלע קרייזן. וואס לענין האט געטאן, איז געווען אנצואווענדן דעם דאזיקן אמת אף דער אימ־פעריאליסטישער עפאכע, באווייזן, אז די מלחמה פון 1914—1918 איז געווען א רעאקציאנערע, אימפעריאליסטישע מלחמה, און אז דעריבער

*) לענין, „וועגן דעם דורכפאל פו דער אייגענער רעגירונג אין אן אימ־פעראאליסטישער מלחמה", באנד 18, זייט 172.

האָט דער אַרבעטער־קלאַס אין יעדן לאַנד באַזונדער ניט געקאָנט נעמען קיין אַנדער שטעלונג, ווי מיטהעלפן דעם דורכפאַל פון זיין אייגענער בורזשואַזיע, כדי מעגלעך צו מאַכן די פאַרוואַנדלונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה אין אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע פאַר דער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם.

אָבער לעניגס אַרויסטריט מיט דעם דאָזיקן לאָזונג האָט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסגערופן אַ באַזונדער ביטערע אַטאַקע מצד דעם לאַגער פון די אָפּאָרטוניסטן. מען האָט געמאָלן דעם ענין אַזוי, פּונקט ווי דער בייז־וואונדער, לענין, האָט „אויסגעטראַכט" אַ טעאָריע פון דעפעטיזם, אַ זאַך, וואָס איז קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן ניט נאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע בכלל.

ס'וואָלט אונז פאַרפירט צו ווייט זיך דאָ אָפּצושטעלן און באַווייזן, אַז ניט נאָר איז די „טעאָריע פון דעפעטיזם" געווען באַוואוסט די גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, נאָר אַז זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די בעסטע טראַדיציעס פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין די צייטן, ווען ענגעלס האָט אויסגעאיבט אַ פּראַקטישע ווירקונג אויף זיין ליניע, ווען קאַוטסקי, פּלעכאַנאָוו, געד זיינען נאָך געווען מאַרקסיסטן און האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם לינקן פליגל; אַז די דאָזיקע טעאָריע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פאָרזעצונג פון די בעסטע טראַדיציעס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — די טראַדיציעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם פּעריאָד, ווען אין רוסלאַנד האָט גענומען אָנוואַקסן אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, ווען די רעוואָלוציע האָט גענומען רייפער ווערן מיט יעדן יאָר און האָט אַרויסגערוקט אַ פּלעיאַדע גרויסע רעוואָלוציאָנערן, פון טשערנישעווסקין ביז זשעליאַבאָוון. אין יעדער מלחמה פון צאַריזם האָבן די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן געקוקט אויפן דורכפאַל פון דער צאַרישער רעגירונג ווי אויף אַ מיטל, וואָס וועט ברענגען נוצן דער באַפרייאונגס־באַוועגונג אין רוסלאַנד.

לענין, ווי געזאָגט, האָט אָנגעווענדעט די דאָזיקע טעאָריע אויף דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

„ווער ס'וואָלט ערנסט געוואָלט אָפּלייקענען דעם „לאָזונג" וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אימפּעריאַליסטישער מלחמה" — שרייבט לענין — „יענער וואָלט געדאַרפט באַווייזן איינע פון די דריי זאַכן: 1) אַז די מלחמה פון 1914־1915 איז

ניט רעאַקציאָנער, אָדער 2) אַז אַ רעוואָלוציע אין פאַרבינדונג מיט איר איז אוממעגלעך, אָדער 3) אַז ס'איז ניט מעגלעך אַן איינהייט־לעכקייט און אַ מיטווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען איינע אויף דער צווייטער אין אַלע קעמפנדיקע לענדער..."*)

מען דאַרף דורכטראַכטן די פראַגע ביזן סוף, האָט לענין געלערנט דעם אַרבעטער־קלאַס. די בורזשואַזיע איז גערעכט, ווען זי דערקלערט קאַמף קעגן מלחמה, דאָס חבר'ן זיך פון סאָלדאַטן אין טרענטשעס א. אז. וו. אַלס מלוכה־פאַרראַט. „רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען אין דער צייט פון מלחמה קעגן דער אייגענער רעגירונג באַדייטן אָן שום צווייפל ניט נאָר אַ וואונטש, אַז זי זאָל האָבן אַ דורכפאַל, נאָר עס מיינט אין דערווירק־לעכקייט העלפן דעם דאַזיקן דורכפאַל," האָט לענין אַרגומענטירט.

דער רוסישער צאַריזם און די אינטערעסן פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע זיינען געווען דער הויפט־ביישפיל, אויף וועלכן לענין האָט באַוויזן און באַגרינדעט די טעאָריע פון דעפעטיזם. דער רוסישער צאַריזם האָט אין משך פון לאַנגע צענדליקער יאָרן געשפּילט די ראָל פון אַן אינטער־נאַציאָנאַלן זשאַנדאַרם; דער צאַריזם האָט ניט איינמאָל געהאָלפן דער־שטיקן די פרייהייט־באַוועגונג אין מערב. אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן האָבן מאַרקס און ענגעלס ניט אויפגעהערט קלאָר צו מאַכן פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, אַז דער רוסישער צאַריזם איז איינער פון די סאַמע געפערלעכסטע און שטאַרקסטע שונאים פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. לענין, מאַרקסעס בעסטער תלמיד און פאָרזעצער פון מאַרקסיזם אין דער נייער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם, האָט דעם מוט גלייך באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, אין 1914, צו דערקלערן אין אַ בריוו צו שליאַפּניקאָוון:

„פאַר אונז, רוסן, פון שטאַנדפונקט פון די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן און פון רוסלענדישן אַרבעטער־קלאַס, קאָן ניט זיין דער קלענסטער צווייפל, קאָן אַבסאָלוט ניט זיין קיין צווייפל, אַז די קלענסטע צרה וואָלט געווען איצט און באַלד — דער דורכ־פאַל פון צאַריזם אין דער איצטיקער מלחמה. וואָרים דער צאַריזם איז הונדערט מאָל ערגער ווי דער קייזעריזם."*)

---

*) לענין, „וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה", באַנד 18, זייט 170.

**) לענין, באַנד 18, זייט 55.

דאַוועקע די רוסישע סאָציאַליסטן, דערקלערט לענין, דאַרפן באַזונדערס שטאַרק ארויסרוקן דעם לאָזונג וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג; און אַט פאַרוואָס:

„טאָקע דער פּראָלעטאַריאַט פון דער סאַמע אָפּגעשטאַנענער פון די קעמפנדיקע גרויסע מלוכות, דאַרף באַזונדער, אין פּנים פון דעם מיאוס'ן פאַרראַט פון די דייטשע און פראַנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ארויסטרעטן דורך זיין פאַרטיי מיט אַ רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, וועלכע איז אַבסאָלוט אוממעגלעך, ניט מיטהעלפנדיק דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג, וואָס איז אָבער די איינציקע טאַקטיק, וואָס פירט צו אַ אייראָפּייאישער רעוואָלוציע, צו אַ פעסטן פרידן פון סאָציאַליזם, צו דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פון די שרעקן, אומגליקן, פאַרווילדיקונג, וואָס הערשט איצט.” *)

אָבער ניט בלויז די רוסישע סאָציאַליסטן, נאָר יעדער סאָציאַליסט פון יעדן אימפּעריאַליסטישן לאַנד, וואָס באַטייליקט זיך אין דער רעאַקציאָנערער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, דאַרף פאַרלאַנגען דעם דורכפאַל פון זיין אייגענער רעגירונג. פאַרוואָס?

„אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס” — ענטפערט לענין — „אין אַ רעאַקציאָנערער מלחמה קאָן ניט ניט ווינטשן אַ דורכפאַל זיין אייגענער רעגירונג.

„דאָס איז אַן אַקסיאָמע, און עס באַקעמפן זי בלויז באַוואוסטזיניקער אָנהענגער אָדער הילפלאָזע אונטערלעקער פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן. צו דער צאָל פון די ערשטע געהערט, צום ביישפּיל, סעמקאָווסקי פון אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט (נומער 2 פון זיין „איזוועסטיע”). צו דער צאָל פון די צווייטע — טראָצקי און בוקוואָיעד, און אין דייטשלאַנד — קאַוטסקי. „דער פאַרלאַנג צו זען אַ דורכפאַל פון רוסלאַנד” — שרייבט טראָצקי — „איז אַ הנחה דער פּאָליטישער מעטאָדאָלאָגיע פון סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט פאַרביטן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן מלחמה און די באַדינגונגען, וואָס האָבן זי ארויסגערופן, דורך אַ פּאַטאַליסטישער אין די איצטיקע באַדינגונגען אָריענטאַציע אין דער ליניע פון דער קלענסטער צרה”. (נומער 105 פון „נאַשע סלאָוואָ”).

---

*) לענין, „וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה”, באַנד 18, זייט 123.

„אַט—אַ מוסטער פון אַנגעבלאָזענע פראַזן, מיט וועלכע טראָצ־קי באַרעכטיקט אַלעמאָל דעם אַפּאָרטוניזם. „רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן מלחמה" איז אַ פּוסטער אינהאַלטלאָזיקער אויסגעשריי, אַף וועלכן עס זיינען אַזעלכע בריות די העלדן פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל, אויב מען פאַרשטייט ניט אונטער אים רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קעגן דער אייגענער רעגירונג און אין צייט פון מלחמה. מען דאַרף נאָר אַ ביסעלע אַ טראַכט טאָן, כדי דאָס צו פאַרשטיין. אָבער רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קעגן דער אייגענער רעגירונג אין צייט פון מלחמה באַדייטן אָן שום צווייפל, מען קאָן זיך וועגן דעם ניט אַמפּערן, ניט נאָר אַ וואונטש, אַז זי זאָל האָבן אַ דורכפאַל, נאָר מיינט אין דער ווירקלעכקייט העלפן דעם דאָזיקן דורכפאַל..."*)

ריידנדיק וועגן דעם טראָצקי־לאָזונג, דערקלערט לענין:

„דאָס איז אַ באַרעכטיקונג פון דעם שאָוויניזם פון אַלע אימ־פּעריאַליסטישע נאַציעס, פון דער בורזשואַזיע, וועלכע איז גרייט צו זאָגן — און זאָגט דעם פאָלק — אַז זי קעמפט „בלויז" קעגן אַ נידערלאַגע.

„דער דאָזיקער לאָזונג, אויב מען זאָל זיך אין אים אַריינ־טראַכטן, מיינט „בורג־פרידן", אַן אָפּזאָג פון קלאַסן־קאַמף פון דעם אונטערדריקטן קלאַס אין אַלע קעמפנדיקע לענדער, מחמת קלאַסן־קאַמף איז אוממעגלעך אָן דעם, אַז מ'זאָל געבן קלעפּ דער „אייגענער" בורזשואַזיע, דער „אייגענער" רעגירונג, און געבן קלעפּ אין צייט פון מלחמה דער אייגענער רעגירונג מיינט מלוכה־פאַרראַט (פאַר דער אינפאָרמאַציע פון בוקוואַיעד), מיינט העלפן דעם דורכפאַל פון אייגן לאַנד. ווער עס אָנערקענט דעם לאָזונג: „ניט קיין זיגן, ניט קיין דורכפאַלן", דער קאָן נאָר בלאָפן וועגן קלאַסן־קאַמף, וועגן „אָפּברעכן דעם בורג־פרידן"", דער זאָגט זיך אָפּ אין דער ווירק־לעכקייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק, אונ־טערוואַרפנדיק דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע קעמפנדיקע לענדער צו אַן אויפגאַבע אינגאַנצן אַ בורזשואַזע: אָפּהיטן פון אַ דורכפאַל די געגעבענע אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען...

„ווער עס שטייט פאַרן לאָזונג: „ניט קיין זיגן, ניט קיין

*) לענין, „וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה", באַנד 18, זייט 169.

דורכפאַל", דער איז אַ באַוואוסטזיניקער, אָדער ניט קיין באַוואוסט־זיניקער שאָוויניסט, דער איז אין בעסטן פאַל אַ פּשרה־מאַכנדיקער קליינבירגער, אָבער אין יעדן פאַל אַ שונא פון פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק, אַן אַנהענגער פון די איצטיקע רעגירונגען, פון די איצ־טיקע הערשנדיקע קלאַסן."*)

דאָס זיינען שאַרפע, אָבער ריכטיקע ווערטער. לאָמיר עס געדענקען איצט, ווען טראָצקי טרעט ווידער אַרויס מיט „אָנגעבלאָזענע פראַזן, מיט וועלכע ער באַרעכטיקט אַלעמאָל דעם אָפּאָרטוניזם". לעניס אָפּשאַצונג פון טראָצקין און דעם טראָצקיזם גילט ביז היינט צו טאָג.

אָבער, האָבן גע'טענה'ט די סאָציאַל־שאָוויניסטן, אויב די סאָציאַ־ליסטן פון אַלע לענדער וועלן זוכן דעם דורכפאַל פון זייערע אייגענע רע־גירונגען, ווער וועט דעמאָלט זיגן? ס'באַקומט זיך דאָך אַ מין אַלגעמיינער דעפּיטיזם. אַף דעם ענטפערט לענין אין דעם זעלביגן אַרטיקל:

„אַרויסדרייענדיק זיך מיט פראַזן, האָט טראָצקי זיך פאַר־פּלאָנטערט אין דריי סאָסנעס. אים דוכט זיך אויס, אַז פאַרלאַנגען דעם דורכפאַל פון רוסלאַנד — מיינט פאַרלאַנגען דעם זיג פון דייטשלאַנד (בוקוואיעד און סעמקאָווסקי דריקן אויס מער דירעקט אָט־דעם „געדאַנק", ריכטיקער, די ניט־דערטראַכטעניש, וואָס זיי האָבן צוזאַמען מיט טראָצקין). אויך אין דעם חזר'ט טראָצקי איבער די „מעטאָדאָלאָגיע פון סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם". צו העלפן מענטשן, וואָס קאָנען ניט דענקען, האָט די בערנער רעזאָלוציע (אָנגענומען אַף דער באַראַטונג פון באָלשעוויקעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערן אין 1915—י.ס.) דערקלערט (נומער 40 „סאָציאַל־דעמאָ־קראַט"): אין אַלע אימפּעריאַליסטישער לענדער דאַרף איצט דער פּראָלעטאַריאַט פאַרלאַנגען דעם דורכפאַל פון זיין רעגירונג. בוק־וואיעד און טראָצקי וואָלטן בעסער געוואָלט פאַרבייגיין דעם דאָזיקן אמת, און סעמקאָווסקי (אַן אָפּאָרטוניסט, וועלכער האָט מער ווי אַלע געבראַכט נוצן דעם אַרבעטער־קלאַס דורך דעם, וואָס ער האָט אָפן־נאַאיוו איבערגע'חזר'ט די בורזשואַזע חכמה), סעמקאָווסקי האָט „ליבהאַרציק אַ פּליוכע געטאָן": דאָס איז אַ זינלאָזיקייט, וואָרים זיגן קאָן אָדער דייטשלאַנד, אָדער רוסלאַנד (נומער 2, איזוועסטיע").

*) לענין, „וועגן דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה", באַנד 18, זייטן 171-172.

„נעמט דעם ביישפּיל פון דער קאָמונע. דייטשלאַנד האָט גע־זיגט איבער פראַנקרייך, און ביסמאַרק מיט טיער האָבן באַזיגט די אַרבעטער! אויב בוקוואַיעד און טראָצקי וואָלטן אַ טראַכט געטאָן, וואָלטן זיי דערזען, אַז זיי שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון די רע־גירונגען און דער בורזשואַזיע וועגן דער מלחמה, ד. ה. זיי בוקן זיך פאַר דער פּאָליטישער מעטאַדאָלאָגיע פון סאָציאַל־פּאַטריאָ־טיזם, ריידנדיק מיט דער אָנגעבלאָזענער שפּראַך פון טראָצקין.

„רעוואָלוציע אין צייט פון מלחמה איז בירגער־קריג, און פאַר־וואַנדלען די מלחמות פון רעגירונגען אין אַ בירגער־קריג, ווערט פון איין זייט לייכטער דורך מיליטערישע דורכפאַלן (דעפּיטזים) פון די רעגירונגען, און פון דער אַנדער זייט — איז אוממעגלעך אין דער ווירקלעכקייט צו שטרעבן צו אַזאַ פאַרוואַנדלונג, ניט מיט־העלפנדיק דורך דעם אַליין אַזאַ דורכפאַל." *)

מיר זען דאָ די גאַנצע לאָגיק פון לענינס איינשטעלונג:

אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה איז אַ רעאַקציאָנערע מלחמה. דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף פאַרוואַנדלען אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג, דערפאַר דאַרף ער פאַרלאַנגען און מיטהעלפן דעם דורכפאַל פון זיין אייגענער רעגירונג, וואָס וועט פאַרלייכטערן די דאָזיקע אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס. דער וואָס קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז אַן אימ־פּעריאַליסטישע מלחמה קאָן זיך ענדיקן אַנדערש ווי דורך אַ „פרידן" פון די רעגירונגען, דער וואָס קאָן ניט זען, אַז אַלע אימפּעריאַליסטישע רע־גירונגען קאָנען ליידן אַ דורכפאַל — דער זעט ניט, אַז צוזאַמען מיט די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען קאָן אַרויסטרעטן אַ דריטע קראַפט, דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס קאָן מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן די הערשנדיקע קלאַסן פאַר דער איינפירונג פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס וועט ברענגען אמת'ן פרידן.

אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען אַזעלכע רעוואָלוציעס אומ־פאַרמיידלעך. דער אימפּעריאַליזם האָט פאַרענדיקט די אָביעקטיווע סטאַדיע פון איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. ער האָט אַזוי פאַרשאַרפט די קלאַסן־ווידערשפּרוכן צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז דער פּאָליטישער קאַמף אין די באַדינגונגען פון מלחמה, ווען ברייטע מאַסן

*) לענין, „וועגן דעם דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה", באַנד 18, זייט 169.

אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס זיינען באַוואָפנט, מוז אומפאַרמיידלעך אַריבערגיין אין אַ פאַרזעצונג פון דער קלאַסן־קאַמף־פּאָליטיק פון אַר־בעטער־קלאַס דורך אַנדערע מיטלען — אין אַ פּראָלעטאַרישן בירגער־קריג. מלחמה איז ניט אומבאַדינגט נויטיק פאַר רעוואָלוציע, זי קאָן אָבער אַ סך פאַרשנעלערן די רעוואָלוציע. מלחמות אונטערן אימפּעריאַליזם מוזן זיך דעריבער ענדיקן מיט רעוואָלוציעס.

## צימערוואַלד

אונזערע שונאים האָבן אַ באַזונדער פאַרגעניגן אָוועקצומאַכן אָט דעם גאַנצן קאַמף לענינס מיט דער האַנט: ווייס איך וואָס, אַ פּאַפּירענע באָמ־באַרדיראָווקע פון מיינונגען, וואָס האָבן ניט קיין שום פּראַקטישן ווערט, אַ פאָרמולירונג פון לאָזונגען אויפן פּאַפּיר און אַ ליטעראַרישע פאַר־טיידיקונג פון די לאָזונגען. לאָמיר דעריבער געדענקען, אַז לענינס לאָזונג וועגן פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגער־קריג האָט געזיגט אויף אַ זעקסט־חלק פון דער וועלט; לאָמיר געדענקען, אַז לענינס לערע וועגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה איז איצט אָנגענומען פון דעם רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס איבער דער גאַנצער וועלט.

אָבער לענין און זיין פּאַרטיי, די באָלשעוויקעס, האָבן זיך ניט באַ־גרענעצט מיט בלויז פּראָפּאַגאַנדירן אַ רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק פאַרן אַרבעטער־קלאַס אין דער צייט פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. באַלד נאָך דעם צוזאַמענבראָך פון צווייטן אינטערנאַציאָ־נאַל באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה זיינען זיי צוגעטראָטן צו שאַפן, אויפן באַזיס פון דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, אַן אינטער־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־קלאַס, וואָס זאָל די דאָזיקע פּאָליטיק פאַרווירקלעכן, האָבן אָנגעהויבן אָוועקצולייגן דעם יסוד פאַר דער קומענדיקער געביידע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער דאָזיקער טייל פון דער באָלשעוויסטישער טעטיקייט און פון באָלשעוויס־טישן קאַמף קעגן דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה איז איצט כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. מיר ווילן דעריבער געבן אַ קורצן איבערבליק וועגן אָט־דער טעטיקייט פון די באָלשעוויקעס, מיט לענינען אין דער שפּיץ, אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה.

מיר ווייסן שוין די צוויי הויפּט־ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון יענער צייט, קעגן וועלכע לענין האָט געפירט זיין קאַמף.

ערשטנס, די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, וועלכע האָבן אָפן געשטיצט די רויבערישע אימפּעריאַליסטישע מלחמה; צווייטנס, די צענטריסטן, די קאַוטסקיאַנער, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטן מיט פּאַציפיסטישע לאָזונגען, שטיצנדיק דערביי ביזן לעצטן מאָמענט די „פאַרטיידיקונג פון פאָטער־לאַנד", וואָס האָט פּאַקטיש געמיינט די אימפּעריאַליסטישע מלחמה. דער אונטערשייד צווישן די דאָזיקע צוויי ריכטונגען איז בלויז געווען אין ווערטער, אין די ארגומענטן, מיט וועלכע זיי האָבן פאַרטיידיקט דעם אָפּאָרטוניזם. אין זייער אָביעקטיוון קלאַסן־אינהאַלט, זיינען זיי פּשוט געווען צוויי ריכטונגען פון סאָציאַל־שאָוויניזם. לענין האָט זיך קיינמאָל ניט באַצויגן צו די דאָזיקע צוויי ריכטונגען אַנדערש, ווי צו צוויי אויס־דרוקן פון אָפּאָרטוניזם.

אָבער צווישן די קאַוטסקיאַנער און די באָלשעוויקעס איז געשטאַנען, באַזונדערס אין דייטשלאַנד, א גאַנצע ריי לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דאָס זיינען טיילווייז געווען אמת'ע אינטערנאַציאָ־נאַליסטן, ווי צום ביישפּיל די גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל", אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע לוקסעמבורג און פראַנץ מערינג, און די ברעמענער גרופּע, „דייטשע סאָציאַליסטן־אינטערנאַציאָנאַליסטן". (די דאָזיקע גרופּן האָבן שפּעטער געשאַפן די באַזע פאַר דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). טיילווייז זיינען דאָס געווען האַלבע קאַוטסקיאַנער און אפילו גאַנצע קאַוטסקיאַנער, ווי לעדעבור, האַפּמאַן, וואָס האָבן דעמאָלט געהאַט הינטער זיך די מערהייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. אַזעלכע ריכטונגען און גרופּן האָבן עקזיסטירט אין די מלחמה־יאָרן אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון כמעט אַלע לענדער. וועגן די דאָזיקע אַלע ריכטונגען האָט לענין געשריבן אין 1915, אין דעם ארטיקל, „דער ערשטער שריט":

„אין משך פון א גאַנצן יאָר האָט מען צווישן די סאָציאַליסטן פון די קעמפנדיקע און נייטראַלע לענדער באַמערקט א פּראָצעס פון וואַקלענישן און אויסוואַרטונגען: מען האָט מורא געהאַט אַליין צו אָנערקענען די טיפקייט פון קריזיס, מען האָט ניט געוואָלט א קוק טאָן דער ווירקלעכקייט גלייך אין פּנים אריין, מען האָט אָפּ־געצויגן מיט טויזנטער מיטלען דעם אומפאַרמיידלעכן איבעררייס מיט די הערשנדיקע אין די אָפיציעלע פּאַרטייען פון מערב־אייראָפּע אָפּאָרטוניסטן און קאַוטסקיאַנער.

„אָבער די אָפּשאַצונג פון די געשעענישן, וואָס מיר האָבן

געגעבן מיט אַ יאָר צוריק אין דעם מאַניפעסט פון צ. ק. (נומער 33, „סאָציאַל־דעמאָקראַט") האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ריכטיק; די געשעענישן האָבן באַוויזן איר ריכטיקייט; די געשעענישן זיינען טאַקע אַוועק מיט אַזאַ וועג, אַז אַף דער ערשטער אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטן די פּראָטעסטירנדיקע עלעמענטן פון דער מינדערהייט (דייטשלאַנד, פראַנקרייך, שוועדן און נאָרוועגיע), וואָס האָבן געהאַנדלט קעגן די באַשלוסן פון די אָפיציעלע פּאַרטייען, ד. ה. וואָס האָבן געהאַנדלט שפּאַלטעריש." *)

די דאָזיקע ווערטער האָט לענין געשריבן אין פאַרבינדונג מיט דער ערשטער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז אָנהויב סעפּטעמבער 1915 פאָרגעקומען אין צימערוואַלד, די שווייץ. די דאָזיקע קאָנפערענץ, פּונקט ווי די אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערן מיט אַכט חדשים פריער (אין יאַנואַר 1915), האָט זיך נאָך גע־פונען אונטער דער ווירקונג פון די האַלב־קאַוטסקיאַנער. אפילו די דייטשע לינקע, די גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל" און „דייטשע סאָציאַליסטן־אינטער־נאַציאָנאַליסטן" (די פירער פון די דאָזיקע גרופּן האָבן זיך שוין אַלע געפונען אין די דייטשע טורמעס), האָבן געשטיצט אין כמעט אַלע פראַגן די האַלב־קאַוטסקיאַנער מיט זייער פירער, לעדעבור, בראַש, קעגן די „צימערוואַלדער לינקע" (צווישן די לינקע זיינען געווען אַחוץ די רוסישע באָלשעוויקעס, די דעלעגאַטן פון דער לעטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָפּאָזיציע פון שוועדן און נאָרוועגיע, און איין דייטשער דעלעגאַט). טראָצקי האָט די גאַנצע צייט ביז דער פעב־רואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד באַקעמפט די „צימערוואַלדער לינקע".

צו פאַרשטיין לענינס קאַמף קעגן די אָפּנייגן פון אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסטישער ליניע אַף דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ און זיין טאַק־טיק פון פאַראייניקטן פראָנט, איז פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר אונז היינט־צו־טאָג, ווען די פּראָבלעם פון פאַראייניקן די כחות פון אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף קעגן פאַשיזם און מלחמה איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס. לענין אַליין כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקן קאַמף:

„דער אידייאישער קאַמף אַף דער קאָנפערענץ איז געפירט

*) לענין, „דער ערשטער שריט", באַנד 18, זייט 297.

געוואָרן צווישן אַ געאייניקטער גרופּע אינטערנאַציאָנאַליסטן, רע־וואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן און וואַקלענדיקע במעט־קאַוטסקיאַנער, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם רעכט פלאַנג פון דער קאָנ־פערענץ. די אייניקייט פון דער דאָזיקער גרופּע איז איינער פון די סאַמע וויכטיקע פאַקטן און איינער פון די סאַמע וויכטיקע דערפאָלגן פון דער קאָנפערענץ. נאָך אַ גאַנצן יאָר מלחמה איז די איינציקע ריכטונג אין אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גאַנץ באַשטימטער רעזאָלוציע — און אויך אַ מאַניפעסט, וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער רעזאָלוציע, — וואָס האָט פאַראייניקט די אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן פון רוסלאַנד, פּוילן, די לעטישע געגנט, דייטשלאַנד, שוועדן, נאָרוועגיע, האָלאַנד, — איז געווען די ריכטונג, וואָס אונזער פּאַרטיי פאַרטרעט.

„וואָס פאַר אַרגומענטן האָבן אַרויסגערוקט קעגן אונז די וואַק־לענדיקע? די דייטשן האָבן אָנערקענט, אַז מיר גייען אַנטקעגן רע־וואָלוציאָנערע שלאַכטן, אָבער — האָבן זיי גע׳טענה׳ט — וועגן אַזעלכע זאַכן ווי דאָס חבר׳ן זיך אין די טרענטשעס, פּאָליטישע סטרייקס, גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, בירגער־קריג — דאַרף מען ניט שרייען איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס טוט מען, מען רעדט אָבער ניט וועגן דעם. און אַנדערע האָבן צוגעגעבן: דאָס איז קינדיש, דאָס איז אַרויסלאָזן פּאַרע.

„פאַר אָט־די, ביז צום לאַכן ביז אומאַנשטענדיקייט, ווידער־שפּרעכנדיקע און אָפּנויגערישע רעדעס האָבן די דייטשע האַלב־קאַוטסקיאַנער זיך אַליין באַשטראָפט, אָננעמענדיק אַן אויסדרוק פון סימפּאַטיע און אַ דערקלערונג וועגן דער נויטיקייט צו שטיצן די מיטגלידער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע, וועלכע האָבן פּונקט פאַרשפּרייט אונזער צענטראַל־אָרגאַן, „סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט", וואָס האָט „געשריען איבער דער גאַנצער וועלט" וועגן בירגער־קריג."*)

פאַרשטענדלעך, אַז אויף דער ערשטער צימערוואַלדער קאָנפערענץ זיינען די רעזאָלוציע און דער פּראָיעקט פון אַ מאַניפעסט, וואָס די באָל־שעוויקעס האָבן פאָרגעשלאָגן, צוריקגעוויזן געוואָרן. דער מאַניפעסט, וואָס

*) לעניןֿ, „רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ", באַנד 18, זייט 302.

די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען, האָט אָפּגעשפּיגלט אַלע שוואַכע זייטן פון דער האַלב-קאַוטסקיאַנער מערהייט פון דער קאָנפערענץ. לענין שאַנעוועט ניט דעם דאָזיקן מאַניפעסט. אָבער די לינקע האָבן דעם דאָזיקן מאַניפעסט אונטערגעשריבן, און לענין פרעגט: „האָט אונזער צענטראַל קאָמיטעט געדאַרפט אונטערשרייבן אַ מאַניפעסט, וואָס ליידט פון ניט-אויסגעהאַלטנקייט, פון פּחדנות? מיר דענקען, אַז יאָ.״ און לענין דערקלערט פאַרוואָס:

„אַז דער דאָזיקער מאַניפעסט מאַכט אַ שריט פאָראויס צו אַ ווירקלעכן קאַמף מיט אָפּאָרטוניזם, צו אַן איבעררייס, צו אַ שפּאַלטונג מיט אים, דאָס איז אַ פאַקט. ס'וואָלט געווען סעקטאַנטיש זיך אָפּזאָגן מאַכן דעם דאָזיקן שריט פאָראויס צוזאַמען מיט דער מינדערהייט דייטשן, פראַנצויזן, שוועדן, נאָרוועגער, שווייצאַרער, ווען מיר האָבן איינגעהאַלטן די גאַנצע פרייהייט און די גאַנצע מעגלעכקייט צו קריטיקירן די ניט-אויסגעהאַלטנקייט און זיך דערשלאָגן מער; ס'וואָלט געווען שלעכטע מיליטערישע טאַקטיק זיך אָפּצוזאָגן צו גיין צוזאַמען מיט דער וואַקסנדיקער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג פון פּראָטעסט קעגן סאָציאַל-שאָוויניזם, צוליב דעם וואָס די דאָזיקע באַוועגונג איז לאַנגזאַם, וואָס זי מאַכט נאָר איין טריט פאָראויס, וואָס זי איז גרייט און וויל מאָרגן מאַכן אַ טריט צוריק, איינגיין אַף אַ שלום מיט דער אַלטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ.״ *)

אָט דאָ האָבן מיר אַ קלאַסישן בייַשפּיל פון לענינס אָנווענדונג פון דער טאַקטיק פון פאַראייניקטן פראָנט אין קאַמף קעגן מלחמה. לענין ווייס, אַז די ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע ליניע וועט זיגן:

„וואָרים״ — שרייבט לענין — „דער דערפאָלג פון אונזער ליניע איז אויסער צווייפל. פאַרגלייכט די פאַקטן. אין סעפּטעמבער 1914, דער מאַניפעסט פון אונזער צענטראַל-קאָמיטעט — ווי ער וואָלט געווען אַן איינזאַמער. אין יאַנואַר 1915, די אינטערנאַציאָנאַלע פרויען-קאָנפערענץ, מיט אַן אָרימער פּאַציפיסטישער רעזאָלוציע, נאָך וועלכער ס'גייט בלינד די אָרגאַניזאַציע-קאָמיטעט (דער צענטראַל-קאָמיטעט פון די מענשעוויקעס—י. ס.). אין סעפּטעמבער 1915, באַפעסטיקן מיר זיך אין אַ גאַנצער גרופּע אינטערנאַציאָנאַלע

*) לענין, ״דער ערשטער שריט״, באַנד 18, זייט 300.

לינקע, טרעטן ארויס מיט אונזער אייגענער טאַקטיק, פירן דורך א ריי גרונט־אידייען אונזערע אין דעם אַלגעמיינעם מאַניפעסט, באַ־טייליקן זיך אין דער שאַפונג פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליס־טישער קאָמיסיע, ד. ה. פאַקטיש א נייע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַ־ליסיטישע ביוראָ, קעגן דעם ווילן פון אַלטן, אָפּן גרונט פון א מאַניפעסט, וואָס פאַראורטיילט די טאַקטיק פון דעם אַלטן.״ *)

אוואַדע האָט לענין זיך ניט גענאַרט אין דעם, אַז דער גרעסטער טייל פון דער רעכטער מערהייט וועט מאַכן א „טריט צוריק״ און זיך אומ־קערן אין לאַגער פון די אָפּאָרטוניסטן. אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט. אַזעלכע דערפאַרונגען האָבן מיר אין יעדן פּאַראייניקטן פראָנט. בא אונז אין אַמעריקע האָבן מיר ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק געהאַט די דערפאַרונג מיט מאַטיוס און פאַקס אין דער „אַמעריקאַנער ליג קעגן מלחמה און פאַשיזם״. אָבער אַזעלכע דערפאַרונגען טאָרן אונז ניט אָפּשרעקן אין אונזער קאַמף פאַר א פּאַראייניקטן פראָנט. די זעלביקע כחות, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה פאַר דעם דערפאָלג פון לענינס טאַקטיק, אַרבעטן נאָך א סך שטאַרקער איצט. די דאָזיקע כחות ליגן אין דער אָביעקטיווער אַנטוויקלונג.

די דערפאַרונג פון צימערוואַלד האָט אונז באַוויזן, אַז פון איין זייט איז דער סאָציאַל־שאָוויניזם און ספּעציעל די „באַהאַלטענע״ סאָציאַל־שאָוויניסטן אַליץ אָפענער אַרויסגעטראָטן אין דער ראָל פון די לאַקייען, וואָס פירן די מלחמה פון דער בורזשואַזיע; פון דער אַנדער זייט זיינען די אויפריכטיקע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען פון אָנהויב געווען קעג־נעריש געשטימט צו דער אויסגעהאַלטענער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס, געווען געצוואונגען צו גיין צוזאַמען מיט זיי אין קאַמף קעגן די פאַררעטער.

דאָס האָט באַוויזן די צווייטע צימערוואַלדער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 1916, וואָס האָט שוין געהאַט צו פאַרצייכענען פאַקטן פון שפּאַלטונגען צווישן לינקע און אָפּאָרטוניסטן אין א גאַנצער ריי לענדער, וואָס האָט שוין אין איר אויפרוף געפאָדערט אָפּזאָגן זיך שטימען פאַר מיליטערישע קרעדיטן „אומאָפּהייננגיק פון דער מיליטערישער לאַגע״.

צימערוואַלד שפּילט א וויכטיקע היסטאָרישע ראָל אין דער געשיכטע

---

*) לענין, „דער ערשטער שריט״, באַנד 18, זייט 301.

פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. צימערוואַלד האָט אַוועק־געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער גרינדונג, פון דעם דריטן, קאָמוניסטישן, אינטערנאַציאָנאַל.

## די האַגער אינסטרוקציעס

צו דערגאַנצן די טאַקטישע סיסטעם, וואָס לענין האָט אַנטוויקלט פאַר קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, מוזן מיר זיך נאָך אָפּשטעלן אויף די לעצטע אָנווייזונגען, וואָס לענין האָט געגעבן וועגן דער דאָזיקער פראַגע — די אָנווייזונגען אין דער באַרימטער האַגער אינסטרוקציע.

דער אויסגאַנג פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה האָט אינגאַנצן באַשטעטיקט לענינס פּאָזיציע אין דער פראַגע פון פרידן. זיין טעזיס, אַז אַ דעמאָקראַטישער פרידן איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט אומוואַרפן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע אין אַלע קעמפנדיקע מלוכות, אָבער אין פאַל די פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע זאָל פאַרשפּעטיקן, איז נאָר מעגלעך אַן אימפּעריאַליסטישער פרידן, — איז דורך דעם ווערסאַלער אָפּמאַך פולשטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן. דער ווערסאַלער אָפּמאַך האָט פאַרוואַנדלט די „אַנטאַנט"־לענדער אין האַלב־קאָלאָניאַלע מלוכות און אין דער זעלביקער צייט האָט ער נאָך מער פאַרשאַרפט די ווידערשפּרוכן צווישן די זיגרייכע „עליים" — צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך, ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן, פראַנקרייך און איטאַליע, א. אז. וו."

דער ווערסאַלער „פרידן" האָט ניט געלייזט קיין איינציקע פון די פּראָבלעמען פון וועלט־קאַפּיטאַליזם. דער דאָזיקער פרידן איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה דורך „פרידלעכע" מיטלען. אין דער זעלביקער צייט האָבן ניט אויפגעהערט אויסצוברעכן קליינע מלחמה'לעך אין אייראָפּע און גרויסע מלחמות אין די קאָלאָניעס. גענוג אָנצואווייזן אויף דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פוילן איבער אויבער־שלעזיע, צווישן פוילן און ליטע איבער ווילנע, צווישן איטאַליע און יוגאָ־סלאַוויע, די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, די קאָלאָניאַלע עקספּעדיציעס אין מאַראָקאָ און סיריע, די אַמעריקאַנער עקס־פּעדיציע אין ניקאַראַגואַ, די מלחמה צווישן באָליוויע און פּאַראַגוואַי, די מלחמות אין כינע, א. אז. וו. באַזונדער זיינען שטאַרק פאַרשאַרפט גע־וואָרן די באַציאונגען צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך אין דער צייט פון דער רור־אָקופּאַציע.

אונטער די דאָזיקע באַדינגונגען האָט דער רעפאָרמיסטישער אַמסטער־דאַמער טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל באַשלאָסן צוזאַמענצורופן אַ „פרידנס־קאָנגרעס". דער דאָזיקער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין 1922, אין האַג. אויף אָט דעם קאָנגרעס האָט די דעלעגאַציע פון די סאָוועטישע יוניאָנס, וואָס איז געווען אין אַ קליינער מינאָריטעט, געדאַרפט פאַרטיידיקן די באָלשעוויסטישע שטעלונג צו מלחמה און קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה. פאַר דער דאָזיקער דעלעגאַציע האָט עס לענין אָנגעשריבן די באַרימטע האַגער אינסטרוקציע, וואָס איז געווען דער לעצטער אויסדרוק פון זיין שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן דאָקומענט ווייזט לענין אָן אויף דעם, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס קאָן לערנען פון דער וועלט־מלחמה פאַר זיין ווייטערדיקן קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות. ער חזר'ט איבער די פּרינציפּיעלע ליניע פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן אין דער פראַגע פון מלחמה — די ליניע, וואָס ער האָט נאָך אין 1908 אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף דער לעקציע, וואָס מען דאַרף לערנען פון דעם שענדלעכן פאַרראַט און צוזאַמענבראָך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

> „אין דער פראַגע וועגן דעם קאַמף מיט דער מלחמה־געפאַר אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנפערענץ אין האַג" — שרייבט לענין אין זיינע „באַמערקונגען צו דער פראַגע וועגן די אויפגאַבן פון אונזער דעלעגאַציע אין האַג" — „דענק איך, אַז די גרעסטע שוועריקייט איז בייצוקומען דעם פאָראורטייל, אַז דאָס איז אַ פראַגע אַן איינפאַכע, אַ קלאָרע און פאַרהעלטניסמעסיק אַ גרינגע.
>
> „— מיר וועלן ענטפערן אויף מלחמה מיט אַ סטרייק, אָדער אַ רעוואָלוציע — אַזוי ריידן געוויינטלעך די אָנגעזעענסטע פירער פון די רעפאָרמיסטן צום אַרבעטער־קלאַס. און זייער אָפט באַפרידיקט די אויבנאויפיקע ראַדיקאַלקייט פון דעם דאָזיקן ענטפער די אַרבעטער און פויערים.
>
> „קאָן זיין, אַז דער סאַמע ריכטיקער צוגאַנג וואָלט באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל אָנהויבן מיט אַ שאַרפער אָפּלייקענונג פון דער דאָזיקער מיינונג. דערקלערן, אַז באַזונדערס איצט, נאָך דער ניט־לאַנגיקער מלחמה, קאָנען בלויז די סאַמע נאַרישע, אָדער די האָפּע־

נונגסלאָז פּאַלשע מענטשן זיך איינרייידן, אַז אַזאַ ענטפער אַף דער פראַגע וועגן קאַמף קעגן מלחמה טויג אַף עפּעס.״ *)

לענין דערמאָנט און וויל מען זאָל ניט פאַרגעסן די דערפאַרונג באַם אויסברוך פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה:

„אין פאַרבינדונג מיט דער ניט־לאַנגיקער דערפאַרונג פון מלחמה דאַרפן מיר קלאָר מאַכן וואָס פאַר אַ מאַסע טעאָרעטישע און לעבנס־פראַגן ס׳וועלן זיך שטעלן אַפן צווייטן טאָג נאָך דער דערקלערונג פון מלחמה, אַוועקנעמענדיק יעדע מעגלעכקייט באַ אַ גרויסער מערהייט, וואָס מען רופט אין דער מלחמה, זיך צו באַציען צו די דאָזיקע פראַגן מיט אַ וויפיל ניט איז קלאָרן קאָפּ און וויפיל ניט איז געוויסנהאַפטיקן אומפּאַרטייאיש.״ **)

דער קראַך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זאָגט לענין, דאַרף אונז לערנען, אַז מיר, קאָמוניסטן, טאָרן ניט איבער׳חזר׳ן די פעלערן, וואָס דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז באַגאַנגען פאַר דער מלחמה, זיך אָפּפּאַטערן מיט די זעלביקע „ביליקע, באַרימערישע און פוסטע פראַזן: מיר וועלן ניט דערלאָזן קיין מלחמה, מיר פאַרשטייען דעם פאַרברעכערישן כאַראַקטער פון מלחמה און אַזוי ווייטער, אין גייסט פון באַזעלער מאַני־פעסט פון 1912.״ ***)

וואָס זשע שלאָגן פאָר ד יקאָמוניסטן? דאַרפן קאָמוניסטן דער־קלערן, אַז מיר וועלן ענטפערן אַף מלחמה מיט אַ סטרייק, אָדער מיט אַן אָפּזאָג פון מיליטער־דינסט?

מיר וויסן, אַז אין 1907, אין שטוטגאַרט, האָט ערווע פאָרגעשלאָגן צו „ענטפערן״ אַף יעדער מלחמה מיט אַן אַלגעמיינעם סטרייק, און אַז לע־נין האָט באַקעמפט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט.****) די מלחמה האָט באַ־וויזן, אַז דער דאָזיקער לאָזונג שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין גרויסע געפאַר פאַר דער בורזשואַזיע; פּונקט אַזאַ קליינע געפאַר פאַר דער בורזשואַזיע איז דער לאָזונג פון אַ מיליטערישן סטרייק, ד. ה. זיך אָפּזאָגן פון מילי־

*) לענין, „די האַגער אינסטרוקציע״, באַנד 27, זייט 372.
**) דאָרטן, זייט 373.
***) דאָרטן, זייט 373.
****) אַף דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַנער סאָצ. פּאַרטיי אין דע־טראָיט, אין יוני, 1934, האָבן די „לינקע״ דורכגעפירט אַ פּרינציפּן־דערקלערונג, וואָס חזר׳ט איבער די אַלגעמיינע פראַזן וועגן „מאַסן מלחמה־ווידערשטאַנד״ און „גענעראַל־סטרייק״.

טערישער דינסט. לענין ווייזט שארף צוריק אין די האגער אינסטרוקציעס אזעלכע פראזן, ספעציעל קריטיקירט ער דעם אויסדרוק „ענטפערן".

„דערקלערן" — שרייבט לענין — „אז מען וועט „ענטפערן" אף מלחמה מיט א סטרייק איז אוממעגלעך, פונקט אזוי ווי עס איז אוממעגלעך צו „ענטפערן אף מלחמה" מיט א רעוואלוציע אין דעם איינפאכן, בוכשטעבלעכן זין פון די דאזיקע אויסדרוקן." *)

דאס מיינט בשום אופן ניט, אז אן אלגעמיינער סטרייק איז אויסגעשלאסן ווי א וואפן פון די ארבעטער בכלל און אין קאמף קעגן מלחמה בפרט. לענין פארשארפט די קריטיק פון דער דאזיקער טעאריע וועגן קאמף קעגן מלחמה, דערפאר וואס די אימפעריאליסטישע מלחמה האט באוויזן, אז די פארשטעלונג, אז מען קאן „ענטפערן" אף א מלחמה מיט א גענעראל־סטרייק איז פאלש. די פארשארפונג פון קלאסן־קאמף אין צייט פון מלחמה קאן פירן צו אן אלגעמיינעם סטרייק און צו א רעוואלוציע, אבער דאס קומט פאר ניט באם אנהויב, נאר באם סוף פון דער מלחמה.

פונקט אזוי שטארק פארשארפט לענין די קריטיק וועגן דער פארשטעלונג, אז מען קאן „ענטפערן" אף מלחמה מיט א מיליטערישן סטרייק. נאך אין 1908 האט לענין געשריבן:

„דער פראלעטאריאט, אויב ער וועט געפינען אלס צוועקמעסיק און פאסיק, קאן ענטפערן אף דער דערקלערונג פון מלחמה מיט א מיליטערישן סטרייק; ער קאן צווישן אנדערע מיטלען פאר דער דערגרייכונג פון דער סאציאלער רעוואלוציע אויך באנוצן א מיליטערישן סטרייק. בינדן זיך מיט דעם דאזיקן „טאקטישן רעצעפט" איז ניט אין די אינטערעסן פון פראלעטאריאט." **)

אין דער האגער אינסטרוקציע איז לענין נאך שארפער וועגן דעם דאזיקן פונקט. ער דערקלערט:

„באיקאט דער מלחמה" — א נארישע פראזע; קאמוניסטן דארפן גיין אין יעדער רעאקציאנערער מלחמה." ***)

אויבנאויף קאן אויסקוקן, אז אזא שטעלונג איז רעאקציאנער. אבער ס'איז געגנוג זיך נאר א פרעג טאן: אין וואס באשטייט די גרויסע רעוואלוציאנערישקייט, ווען מען זאגט זיך אפ צו גיין אין מלחמה? אנשטאט

*) לענין, „די האגער אינסטרוקציע", באנד 27, זייט 372.
**) לענין, „דער קעמפנדיקער מיליטאריזם", באנד 12, זייט 315.
***) לענין, „האגער אינסטרוקציעס", באנד 27, זייט 373.

שיקן צום פראָנט, פארשיקט די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, אָדער אין טורמע, וואָס דאָס מיינט פּטור ווערן סיי פון דער געפאַר פון דער מלחמה, סיי פון דער געפאַר, וואָס איז פאַרבונדן מיט פירן רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אויפן פראָנט. ניט נאָר איז אַזאַ שטעלונג ניט רעוואָלוציאָנער, נאָר דינט דירעקט די אינטערעסן פון דער אימפּעריאַליסטישער רעגירונג, וואָס ווערט פּטור פון די רעוואָלוציאָנערן אין דער אַרמיי.

מיר דאַרפן אָבער אין דער זעלביקער צייט ניט אַוועקגיין צום אַנדער עקסטרעם און אַרויסשטעלן אַ לאָזונג, אַז אַלע דאַרפן גיין אין דער אַרמיי. אַזאַ לאָזונג וואָלט אינגאַנצן ניט געווען פאַרשטענדלעך פאַר די מאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. און וויפיל מיר וואָלטן זיך ניט געסטאַרעט אין אונזער אַגיטאַציע קלאָר צו מאַכן וואָס מיר זיינען אויסן מיט דעם דאָזיקן לאָזונג, וואָלטן מיר אָביעקטיוו אָפּגעשוואַכט די גרייטקייט און אַנטשלאָסנקייט פון די מאַסן צו קעמפן קעגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

פּונקט ווי אין דער פראַגע וועגן אַ גענעראַל־סטרייק, אַזוי אויך אין דער פראַגע וועגן אַ מיליטערישן סטרייק איז נויטיק צו געדענקען, אַז דאָס זיינען מיטלען, וואָס זיינען ניט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן פון דעם אַרסענאַל פון אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף קעגן מלחמה. ס'קאָן זיין גאַנץ מעגלעך, אַז בײַ געוויסע באַדינגונגען קאָן אַ מיליטערישער סטרייק שפּילן אַ זייער וויכטיקע ראָל אין קאַמף קעגן מלחמה. לאָמיר נעמען אַ לאַנד, וואו ס'איז ניט איינגעפירט קיין אַלגעמיינע מיליטערישע דינסט. ס'וואָלט געווען אַ חוזק איבערן לענינזם, אַז ווען אַ מאַסן־באַוועגונג קעגן מלחמה־דינסט זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַזאַ לאַנד, זאָלן די קאָמוניסטן זיין די יעניקע, וואָס וועלן העלפן אַריינטרייבן די ברייטע מאַסן אין דער אַרמיי דורך אַזאַ מין „רעוואָלוציאָנערער„ פּראָפּאַגאַנדע, אַז „אַלע דאַרפן גיין אין דער אַרמיי". פאַלן פון אַזאַ מאַסן־באַוועגונג קעגן מלחמה־דינסט זיינען ספּעציעל מעגלעך אין פאַל פון אַ מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיט אַנדערע ווערטער, לענינס טאַקטיק דאַרף מען אָנווענדן ניט ווי פּאָ־פּוגאַיען, נאָר ווי דענקענדיקע רעוואָלוציאָנערן.

די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט שענקט לענין דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַטאָרישער צוגרייטונג פון אַרבעטער־קלאַס צום קאַמף קעגן מלחמה. דאָס קאָן דערגרייכט ווערן, ערשטנס, דורך דערקלערן פאַר די ברייטע מאַסן, אַז ס'איז מעגלעך דער אויסברוך פון אַ נייער וועלט־מלחמה; צווייטנס, דורך דערמאָנען שטענדיק די מאַסן און זיי ניט

לאָזן פאַרגעסן די דערפאַרונגען און די לעקציעס פון דער ערשטער אימ־פעריאַליסטישער מלחמה.

„מען דאַרף" — שרייבט לענין — „נעמען די ביישפּילן פון די איצטיקע קאָנפליקטן, כאָטש אפילו די סאַמע נישטיקסטע, און דערקלערן אויף אָט־די ביישפּילן, ווי אַזוי אַ מלחמה קאָן טעגלעך אויס־ברעכן צוליב אַ קריג צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך וועגן אַ וועלכן ניט איז דעטאַל פון דעם אָפּמאַך מיט טערקיי, אָדער צווישן אַמע־ריקע מיט יאַפּאַן צוליב אַ פּוסטער מיינונגס־פאַרשיידנקייט איבער וועלכער ניט איז פראַגע אין פּאַסיפיק, אָדער צווישן וועלכע ניט איז פון די גרויס־מאַכטן צוליב אַ קאָלאָניאַלן קריג, צוליב אַ טאַריף־קאַמף, אָדער בכלל צוליב דער האַנדלס־פּאָליטיק, א. אז. וו." *)

די דאָזיקע אָנווייזונג לענינס לערנט אונז, אַז אין קאַמף קעגן מלחמה, מוזן מיר שטענדיק זיין קאָנקרעט; מיר מוזן אויפקלערן וועגן די אימפּע־ריאַליסטישע קאַמפן, וואָס פירן צו מלחמה, דורך קאָנקרעטע ביישפּילן פון אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק אין יעדן געגעבענעם מאָמענט, פאַרבינדנ־דיק אונזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט מיט ביישפּילן פון דער לאַגע ערב דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, קלאָר מאַכנ־דיק פאַרוואָס די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אַנדערש ניט געקאָנט ענדיקן ווי זי האָט זיך געענדיקט.

ספּעציעל איז וויכטיק קלאָר צו מאַכן, אַז די פראַגע וועגן „פאַר־טיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" וועט אין אַ נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה שפּילן פּונקט אַזאַ ראָל, ווי זי האָט געשפּילט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דערפאַר איז נויטיק צו לערנען די אַרבעטער די לעקציעס פון דער ניט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. לענינס קאַמף קעגן סאָציאַל־שאָוויניזם, די נויטיקייט פאַרן אַרבעטער־קלאַס צו פאַרלאַנגען און מיטהעלפן דעם דורכפאַל פון זייער „אייגענער" בורזשואַזיע און פון זייער „אייגענער" רעגירונג, באַווייזן, אַז דער איינציקער וועג צו מאַכן אַ סוף צו אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה, איז — פאַרוואַנדלען זי אין אַ בירגער־קריג קעגן דער בורזשואַזיע פאַר דער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם און קלאַסן־הערשאַפט, אין אַ קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו מלחמות און וועט איינשטעלן אַ ברידערלעכן צוזאַמענלעבן צווישן אַלע פעלקער.

---

*) לענין, „די האַגער אינסטרוקציע", באַנד 27, זייט 374.

# נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם

די פראַגע, צי זיינען מעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, איז ניט קיין אַקאַדעמישע פראַגע, נאָר אַ פּראָבלעם פון קאָנקרעטער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק. לענין האָט דער דאָזיקער פראַגע געשענקט ספּעציעל אַ סך אויפמערקזאַמקייט. ער האָט ניט נאָר קלאָר געמאַכט די אומפאַרמיידלעכקייט פון נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, נאָר האָט אָנגעוויזן אויף דער קאָנקרעטער שטעלונג, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס און זיין אַוואַנגאַרד דאַרפן נעמען אין אַזעלכע מלחמות.

לענין אַנטוויקלט די טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין נאַציאָנאַלע מלחמות אויף דעם באַזיס פון דער אַלגעמיינער שטעלונג פון מאַרקסיזם צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אויפן באַזיס פון אַן אויסגעהאַלטענער אָנווענדונג פון דער טעאָריע וועגן פאַרווירקלעכן דעם קאָמוניזם דורך דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט פאַרניכטן מלוכה־גרענעצן און צוזאַמען מיט זיי די נאַציאָנאַלע פראַגע.

אָבער כדי צו פאַרווירקלעכן דעם קאָמוניזם איז נאָך נויטיק אַ מלוכה — און אַ מלוכה פון אַ געוויסער, באַשטימטער פאָרם, די מלוכה פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אין אָט־דער איבערגאַנג־צייט (און זעלבסטפאַרשטענדלעך אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם) איז דער פּרינציפּ, לויט וועלכן דער אַרבעטער־קלאַס לייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע: דאָס רעכט פון אַ נאַציע אויף זעלבסטבאַשטימונג. פון דער דאָזיקער פּרינציפּיעלער שטעלונג דרינגט אַרויס דער לענינישער פּאָליטישער לאָזונג אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע — דער לאָזונג וועגן „ר ע כ ט פ ו ן א ו נ ט ע ר ד ר י ק ט ע נ א צ י ע ס א ו י ף ז ע ל ב ס ט ב א ש ט י מ ו נ ג, ב י ז א פ ו ל ש ט ע נ ד י ק ע ר א פ ט י י ל ו נ ג".

אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה איז לענינען אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף אויף צוויי פראָנטן קלאָר צו מאַכן די ריכטיקע פּראָלעטאַרישע אָנווענדונג פון דעם דאָזיקן לאָזונג. פון איין זייט איז דער לאָזונג וועגן „זעלבסטבאַשטימונג" שטאַרק פּאָפּולער געמאַכט געוואָרן פון יעדערן פון די קעמפנדיקע לאַגערן אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־

מלחמה. יעדערער פון די אימפּעריאַליסטישע לאַגערן האָט אונטער דער דאָזיקער מאַסקע, מיט דעם לאָזונג, געוואָלט פאַרנאַרן די אונטערדריקטע פעלקער און קאָלאָניעס פון צווייטן צד, כדי זיי אַליין צו אונטערדריקן. און די סאָציאַל־שאָוויניסטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן אָט־דעם לאָזונג פון זייער אייגענער בורזשואַזיע, כּדי צו באַרעכטיקן די אימפּעריאַליסטישע מלחמה. מיר האָבן געזען, אַז קאַוטסקי האָט געזוכט אינגאַנצן אָפּצור־לייקענען דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה און זי פּראָקלאַמירן אַלס אַ נאַציאָנאַלע מלחמה פאַר דער באַפרייאונג פון צאַריזם. די סאָציאַל־שאָוויניסטן פון אַנדער צד האָבן אָנגעווענדט דעם זעלביקן מעטאָד. די „באַפרייאונג” איז נאָר געווען פון פרייסישן קייזעריזם.

דער דאָזיקער לאָזונג פון די אימפּעריאַליסטן און זייערע סאָציאַל־שאָוויניסטישע לאַקייען האָט צעטומלט אַ סך אמת׳ע אינטערנאַציאָנאַ־ליסטן. זיי האָבן אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם עצם לאָזונג פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, ווי אַ רעאַקציאָנערן שווינדל.

לענין איז ניט אַריינגעפאַלן אין אָט־דעם טעות. באַקעמפנדיק די סאָציאַל־שאָוויניסטן, וואָס האָבן געוואָלט „באַפרייען” די אונטערדריקטע פעלקער פון קעגנערישן צד, האָט לענין ניט אויפגעהערט צו באַקעמפן די „אולטראַ־לינקע” שטעלונג פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען בכלל אוממעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות.

די „טעאָרעטישע” באַגרינדונג פאַר דער טעאָריע, אַז נאַציאָנאַלע מלחמות זיינען בכלל מער ניט מעגלעך, האָט געגעבן ראָזע לוקסעמבורג, וועלכע איז אין אָט־דער פראַגע געשטיצט געוואָרן פון די לינקע פּוילישע סאָציאַליסטן, פון די האָלענדישע אינטערנאַציאָנאַליסטן, פון די „לינקע” רוסישע באָלשעוויקעס און אַ צאָל אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אינטערנאַציאָ־נאַליסטישע גרופּן אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה.

די פעלערן, וואָס ראָזע לוקסעמבורג האָט געמאַכט אין דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, זיינען פון אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר אונז איצט, אין דעם איצטיקן פּעריאָד פון דער נאָך־מלחמה־דיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם — „אַ פּעריאָד, ווי דער קאָמינטערן האָט באַצייכנט, פון קאָלאָניאַלע אויפשטאַנדן און פּראָלעטאַרישע רעוואָ־לוציעס.”

## לעניניזם און לוקסעמבורגיזם אין דער פראַגע פון מלחמה

לענין האָט געווידמעט 5 ספּעציעלע אַרבעטן קלאָר צו מאַכן די טעות'ן פון ראָזע לוקסעמבורג אין פאַרבינדונג מיט דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה: די טעזיסן, „סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע און דאָס רעכט פון פעלקער אויף זעלבסטבאַשטימונג", „וועגן דער בראָשור פון יוניוס", „אימפּעריאַליסטישער עקאָנאָמיזם", און זיין אַרויסטריט אויף דער באַלשע־וויסטישער קאָנפערענץ אין פּעטראָגראַד (לענינגראַד), אין אַפּריל 1917. די דאָזיקע אַלע אַרבעטן באַצוועקן איינע און די זעלביקע זאַך: קלאָר צו מאַכן די מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלע באַפרייאונג־מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פאָרמולירן די שטעלונג צו זיי מצד קאָמוניסטן.

צוויי הויפּט־טעות'ן איז ראָזע לוקסעמבורג באַגאַנגען אין איר פּראָ־גראַמאַטיש ווערק „דער קריזיס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", וואָס זי האָט אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים יוניוס. ערשטנס, איז זי אַרויס־געטראָטן מיט אַ טעזיס, אַז אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען נאַציאָנאַלע מלחמות אוממעגלעך. דער לאָזונג, „נאַציאָנאַלע אינטערעסן", האָט זי אַרגומענטירט, איז די בעסטע וועדקע אין די הענט פון דער בור־זשואַזיע אָפּצונאַרן די מאַסן אין אַלע ציימן און ספּעציעל אין צייט פון מלחמה. נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג האָט ניט קיין שום באַדייט פאַר סאָציאַליסטן, דערפאַר וואָס אונטערן קאַפּיטאַליזם קאָן מען זי ניט באַ־זייטיקן און דער סאָציאַליזם וועט די דאָזיקע פאָרם פון אונטערדריקונג במילא באַזייטיקן. זי האָט דעריבער צוריקגעוויזן דעם לאָזונג פון זעלבסט־באַשטימונג אַלס אַ רעאַקציאָנערן שווינדל.

דער צווייטער טעות אירער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויפ־דעקנדיק דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה, האָט זי אַרויסגערוקט אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם צו באַקעמפן די נ י ט־נאַציאָנאַלע מלחמה.

„דער קלאַסישער ביישפּיל פון אַלע ציימן" — שרייבט ראָזע לוקסעמבורג — „איז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע." און זי קומט צום אויספיר: „די דערפאַרונג פון אַ יאָרהונדערט באַ־וויזט, הייסט עס, אַז ניט קריגס־צושטאַנד, נאָר קלאַסן־קאַמף, וואָס דערוועקט זעלבסט־אַכטונג, העלדישקייט און דעם מאָראַלישן כח פון

די פאָלקס־מאסן, זיינען די בעסטע פארטיידיקונג פון לאנד קעגן אַן אויסערלעכן שונא."

זי באשולדיקט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָט אין וואָס:

„יאָ, סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען פארפליכטעט צו פארטיידיקן זייער לאנד אין דער צייט פון אַ גרויסן היסטאָרישן קריזיס. און טאַקע אין דעם באַשטייט די שווערע שולד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין רייכסטאַג, וואָס האָט פייערלעך פראָקלאַמירט אין איר דעקלאַראַציע פון 4טן אויגוסט, 1914: „אין דער שעה פון געפאר וועלן מיר ניט איבערלאָזן אונזער פאָטערלאַנד אָן פארטיידיקונג" — און אין דער זעלביקער צייט האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פון די אייגענע ווערטער. זי האָט איבערגעלאָזן דאָס פאָטערלאַנד אָן פארטיידיקונג אין דער שעה פון דער גרעסטער געפאר. וואָרים איר ערשטע פליכט פארן פאָטערלאַנד אין דער דאָזיקער שעה איז געווען: באַווייזן דעם פאָטערלאַנד דעם אמת'ן אונטערשלאַק פון דער נעגעבענער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, צעררייסן די נעץ פון פאַטריאָטישן און דיפּלאָמאַטישן ליגן, מיט וועלכן ס'איז געווען ארומגעוועבט די דאָזיקע פארשווערונג קעגן פאָטערלאַנד; הויך און קלאָר דערקלערן, אַז פארן דייטשן פאָלק אין אָט דער מלחמה זיינען זיג און דורכפאַל אַ גלייכער פארלוסט; זיך קעגנשטעלן ביז דעם לעצטן עקסטרעם קעגן דערשטיקן דאָס פאָטערלאַנד דורך קריגס־צושטאַנד; דערקלערן די נויטיקייט פון אַ באַלדיקער באַוואָפנונג פון פאָלק און איבערגעבן צום פאָלק צו באַשליסן די פראַגע וועגן מלחמה און פרידן; פאָדערן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אַ ניט־אונטערבראָכענע סעסיע פון דער פאָלקס־רעגירונג דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה, צו פארזיכערן דעם אויפמערקזאַמען קאָנטראָל פון דער פאָלקס־פארטרעטערשאַפט איבער דער רעגירונג און פון פאָלק איבער דער פאָלקס־פארטרעטערשאַפט."

מיר זעען, אַז די דאָזיקע פּראָגראַם איז מיילן ווייט פון דער פּראָגראַם, וואָס לענין און די באָלשעוויקעס האָבן פאָרגעשלאָגן. ראָזע לוקסעמבורג האָט ארויסגעשטעלט אַ פּראָגראַם, וואָס זי האָט אַליין פאָרמולירט: „די אַלטע אמת־נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון די פאַטריאָטן און דעמאָקראַטן פון 1848טן יאָר, די פּראָגראַם פון מאַרקס, ענגעלס און לאַסאַל: דער לאָזונג פון אַ פאַראייניקטער דייטשער רעפּובליק."

דער ווידערשפּרוך אין דער דאָזיקער פּראָגראַם שיינט היינט־צו־טאָג צו זיין זייער קלאָר. ס'איז אָבער א פאַקט, אַז אין די יאָרן פון דער מלחמה האָט די דאָזיקע פּראָגראַם פאַרכאַפּט אַ גרויסע צאָל אמת'ע אינטער־נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן אין דער דאָזיקער פּראָגראַם געזען די איינ־ציקע אויסגעהאַלטענע רעוואָלוציאָנערע שטעלונג צו דער אימפּעריאַליס־טישער וועלט־מלחמה.

## זיינען מעגלעך נאַציאָנאַלע באַפרייאונג־מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם?

די אויפגאַבע, וואָס לענין האָט געהאַט אין קאַמף קעגן לוקסעמבורגיזם אין דער מלחמה־פראַגע, איז געווען צו באַווייזן די ניט־ריכטיקייט סיי פון דער ערשטער, סיי פון דער צווייטער הנחה פון ראָזע לוקסעמבורג.

„יוניוס" — שרייבט לענין — „האָט אָנגעווענדט מאַרקסעס דיאַלעק־טיק בלויז אף העלפט." אַלס רעזולטאַט פון דעם איז זי ניט גערעכט אין ביידע גרונט־פונקטן פון דער פּראָגראַם, וואָס זי שטעלט אַרויס אין דער בראָשור.

נאַציאָנאַלע מלחמות, האָט אַרגומענטירט ראָזע לוקסעמבורג, זיינען אוממעגלעך אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, דערפאַר וואָס די וועלט איז שוין פאַרטיילט צווישן אַ קליינער צאָל אימפּעריאַליסטישע פעלקער און יעדע מלחמה, אויב אפילו זי וואָלט באַם אָנהויב געווען אַ נאַציאָנאַלע מלחמה, וואָלט זיך פאַרוואַנדלט אין אימפּעריאַליסטישער מלחמה. דער דאָזיקער אַרגומענט, אַז אַ נאַציאָנאַלע מלחמה אונטערן אימפּעריאַליזם וועט זיך מוזן פאַרוואַנדלען אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, איז דער שטאַרקסטער אַרגומענט, וואָס ווערט נאָך ביז איצט באַנוצט קעגן דער לענינישער פּראָגראַם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע מלחמות אין די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס.

אָבער דאָס איז, ווי לענין האָט זיך אויסגעדריקט, „מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק בלויז אף העלפט".

„ס'פאַרשטייט זיך" — דערקלערט לענין — „אַז די גרונט־הנחה פון מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק באַשטייט אין דעם, אַז אַלע גרענעצן אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט זיינען רעלאַטיוו און באַוועגלעך, אַז עס איז ניטאָ קיין איין דערשיינונג, וואָס וואָלט אונטער געוויסע באַדינגונגען זיך ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין איר קעגנזאַץ. אַ נאַציאָנאַלע מלחמה קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אימ־

פעריאַליסטישער, און פאַרקערט. אַ ביישפּיל: די מלחמות פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן זיך אָנגעהויבן ווי נאַציאָנאַלע און זיינען אַזעלכע געווען. די דאָזיקע מלחמות זיינען געווען רעוואָלוציאָנער: די פאַרטיידיקונג פון דער גרויסער רעוואָ־לוציע קעגן דער קאָאַליציע פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מאָ־נאַרכיעס. אָבער ווען נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפן די פראַנצויזישע אימ־פעריע און האָט פאַרשקלאַפט אַ גאַנצע ריי לאַנג־אַנטשטאַנענע, גרויסע, לעבנס־פייאיקע נאַציאָנאַלע מלוכות פון אייראָפּע, דעמאָלט האָט זיך באַקומען פון די נאַציאָנאַלע פראַנצויזישע מלחמות—אימ־פעריאַליסטישע מלחמות, וועלכע האָבן אין זייער ריי געשאַפן נאַ־ציאָנאַל־באַפרייערישע מלחמות קעגן דעם אימפּעריאַליזם פון נאַ־פּאָלעאָן. בלויז אַ סאָפיסט וואָלט געקאָנט אָפּמעקן דעם אונטערשייד צווישן אַן אימפּעריאַליסטישער און נאַציאָנאַלער מלחמה אַפן גרונט, אַז איינע קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צווייטער.״ *)

לענין צעשמעטערט אויך דעם צווייטן אַרגומענט, אַז נאַציאָנאַלע מלחמות קאָנען אַרויסרופן אימפּעריאַליסטישע מלחמות, צוזאַמענגיסן זיך מיט די אימפּעריאַליסטישע מלחמות און פאַרלירן זייער נאַציאָנאַלע אומ־שולד דורך פאַראייניקן זיך מיט איינעם, אָדער אַ צווייטן פון די אימ־פעריאַליסטישע לענדער. וויפיל אמת איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן אַרגו־מענט? לענין דערקלערט:

„אַזעלכע מלחמות קאָנען פירן צו אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה פון די איצטיקע „גרויסע״ אימפּעריאַליסטישע מלוכות, נאָר זיי קאָנען אויך ניט פירן, דאָס הייננט אָפּ פון אַ סך אומשטענדן.

„אַ ביישפּיל: ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן געקעמפט אין דער זיבניאָריקער מלחמה איבער קאָלאָניעס, ד. ה. האָבן געפירט אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה (וועלכע איז מעגלעך אויך אַף דער באַזע פון שקלאַפעריי, אויך אַף דער באַזע פון פּרימיטיוון קאַפּי־טאַליזם, ווי אויך אַף דער איצטיקער באַזע פון הויך־אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם). פראַנקרייך איז באַזיגט און פאַרלירט אַ טייל פון אירע קאָלאָניעס. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער הויבט זיך אָן די נאַציאָ־נאַלע באַפרייאונגס־מלחמה פון די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניק־טע שטאַטן קעגן ענגלאַנד זעלבסט. פראַנקרייך און שפּאַניע, וועלכע

*) לענין, „וועגן דער בראָשור פון יוניוס״, באַנד 19, זייט 181.

באַזיצן אַליין טיילן פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן, אויס שנאה צו ענגלאַנד, ד. ה. צוליב זייערע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, שליסן אַ פּריינטלעכן אָפּמאַך מיט די רעוואָלטירנדיקע קעגן ענגלאַנד שטאַטן. פראַנצויזישע מיליטער צוזאַמען מיט אַמעריקאַנישע שלאָגן די ענגלענדער. פאַר אונז איז אַ נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־מלחמה, אין וועלכער אימפּעריאַליסטישע מיטהילף איז אַ זייטיקער עלע־מענט, וואָס האָט ניט קיין ערנסטן באַדייט — דאָס פאַרקערטע וואָס מיר זעען אין דער מלחמה פון 1914—1916 יאָרן (דער נאַציאָ־נאַלער עלעמענט אין דער עסטרייך־סערבישער מלחמה האָט ניט קיין ערנסטן באַדייט אין פאַרגלייך מיט דער אַלץ־אַנטשיידנדיקער אימפּעריאַליסטישער קאָנקורענץ). פון דעם קאָן מען זען ווי אומ־געשיקט ס'וואָלט געווען אָנצואווענדן דעם באַגריף אימפּעריאַליזם אַף אַ שאַבלאָנעם אופן, אַרויספירנדיק פון אים די „אוממעגלעכ־קייט" פון נאַציאָנאַלע מלחמות."*)

אַזוי איז געווען די לאַגע אין דער פאַרגאַנגנהייט. און אין דער צוקונפט? אין דער צוקונפט זיינען נאַציאָנאַלע מלחמות ניט נאָר מעגלעך, נאָר אומפאַרמיידלעך — ספּעציעל זיינען אַזעלכע מלחמות אומפאַרמייד־לעך טאַקע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. פאַרוואָס?

אין די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס, ווייזט לענין אָן, לעבן אַ טויזנט מיליאָן מענטשן, ד. ה. מער ווי אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג פון דער ערד. „אַ נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־מלחמה, צום ביישפּיל, פון אַ פאַרבאַנד צווישן פּערסיע, אינדיע און כינע קעגן איינער, אָדער אַ צווייטער אימפּעריאַליסטישער מלוכה איז אינגאַנצן מעגלעך און וואַרשיינ־לעך, וואָרים זי דרינגט אַרויס פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַ־וועגונג אין די דאָזיקע לענדער, דערביי וועט אָפּהייבגען די פאַרוואַנדלונג פון אַזאַ מלחמה אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה צווישן די אימ־פּעריאַליסטישע מלוכות פון זייער אַ סך קאָנקרעטע אומשטענדן, פאַר וועלכע ס'וואָלט געווען לעכערלעך ערוב צו זיין."**)

די איצטיקע מלחמה, זאָגט לענין, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1914, איז אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה. ריידן וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" אין דער דאָזיקער מלחמה מיינט שטיצן די אימפּעריאַ־

*) לענין, „וועגן דער בראָשור פון יוניוס", באַנד 19, זייטן 182-183.
**) דאָרטן, זייט 183.

ליסטן. אָבער פּרואוון באַווייזט, אַז אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען בכלל אוממעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות, מיינט ניט קאָנען אָנווענדן מאַרקסעס לערע צו דער נייער קאָנקרעטער עפּאָכע פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, מיינט וואולגאַריזירן מאַרקסעס לערע, פאַרוואַנדלען זי אין אַ קאַריקאַטור; דאָס מיינט פאַרגעסן וועגן די מעגלעכע מלחמות פון די קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע פעלקער, וואָס שטעלן צונויף אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער וועלט, וואָס עס מיינט אומדירעקט שטיצן די אָפּאָרטוניסטן, וואָס ווילן ניט הערן און געדענקען, אַז אין די קאָלאָניעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־באַוועגונג.

און אויב אַ נאַציאָנאַלע מלחמה זאָל טאַקע אַרויסרופן אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה? דאַרפן מיר זיך צוליב דעם אָפּזאָגן אַזאַ מלחמה צו שטיצן? און וואָס איז מכח אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע? אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קאָן דאָך אויך אַרויסרופן אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה, דער טאָג־טעגלעכער קלאַסן־קאַמף אין די אימפּעריאַליסטישע לענדער קאָן דאָך אויך פירן צו אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה. מיינט עס, אַז מיר דאַרפן צוליב דעם זיין קעגן פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע!

די גאַנצע שעדלעכקייט פון דער דאָזיקער שטעלונג האָט מען גע־קאָנט זען מיט יאָרן שפּעטער, ווען רעמזי מעקדאָנאַלד, נאָך זייענדיק דער „לייבאָר־פּרעמיער" פון ענגלאַנד, איז אַרויסגעקומען מיט אַ געשריי, אַז „מאָסקווע שטערט דעם פרידן, דערפאַר וואָס זי שטיצט דעם נאַציאָ־נאַלן קאַמף אין כינע." מיר קאָנען פון דעם זען, ווי אַזוי די „טעאָרעטישע" אַרגומענטן קעגן נאַציאָנאַלע מלחמות קאָנען זיך פאַרוואַנדלען אין פּראַקטישע „אַרגומענטן" מצד די אימפּעריאַליסטן קעגן דער פאַרווירק־לעכונג פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג אין די קאָלאָניעס.

אַף נאָך איין אַרגומענט, וועגן דער מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלע באַ־פרייאונג־מלחמות אין דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע, אַן אַרגומענט, וואָס איז געקומען פון לאַגער פון די צענטריסטן, שטעלט זיך לענין אָפּ. די צענטריסטן האָבן גע׳טענה׳ט, אַז אַלע נאַציאָנאַלע מלחמות זיינען פאַרמשפּט אַף אַ דורכפאַל, דערפאַר זיינען זיי ניט צ ו ו ע ק ־ מ ע ס י ק. לענין ענטפערט אַף דעם:

„נאַציאָנאַלע מלחמות קעגן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות זיינען ניט נאָר מעגלעך, און אוויגנשיינלעך, נאָר זיינען אומפאַר־מיידלעך, זיי זיינען פּראָגרעסיוו, רעוואָלוציאָנער, כאָטש פאַר זייער דערפאָלג פאָדערט זיך, פאַרשטענדלעך, אָדער די פאַראייניקטע אָנ־

שטרענגונג פון דער ריזיקער צאָל איינוואוינער אין די אונטער־דריקטע לענדער (הונדערטער מיליאָנען אין דעם ביישפּיל, וואָס מיר האָבן גענומען פון אינדיע און כינע), אָדער באַזונדערע גינסטיק־צוזאַמענגעלייגטע באַדינגונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע (צום ביישפּיל, די פּאַראַליזירטקייט פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות זיך אַרייַנצומישן צוליב זייער אָפּגעשוואַכטקייט, צוליב זייערער אַ מלחמה, זייערע אַנטאַגאָניזמען, א. אז. וו.), אָדער דורך אַ גלייכצייטיקן אויפשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון איינער פון די גרויסע מלוכות קעגן דער בורזשואַזיע (די לעצטע מעגלעכקייט אין אונזער חשבון איז די ערשטע פון שטאַנדפּונקט פון נוצלעכקייט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט).״ *)

לענין האָט אַזוי אַרום שוין אין 1916, ווען ער האָט אַרגומענטירט קעגן ראָזע לוקסעמבורג, געגעבן אַן אָנוואונג פאַר דער סטראַטעגיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע בנוגע די נאַציאָנאַלע מלחמות פון די אונטערדריקטע פעלקער אין די קאָלאָניעס. אָבער וועגן דעם וועלן מיר ריידן שפּעטער.

## קאָן מען אָנווענדן אַ נאַציאָנאַלע פּראָגראַם צו אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה?

ניט ווייניקער גלענצנד ווייזט לענין צוריק דעם צווייטן גרונט־טעות פון ראָזע לוקסעמבורג — איר פאַרזוך אָנצואווענדן אַ פּראָגראַם, וואָס די גרינדער פון מאַרקסיזם האָבן אָנגעווענדעט בנוגע נאַציאָנאַלע מלחמות, אין די באַדינגונגען פון אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה. און ווידעראַמאָל זעען מיר אין לענינס מעטאָד, דעם גרויסן דיאַלעקטיקער, דעם גרויסן תלמיד פון קאַרל מאַרקס.

ראָזע לוקסעבורג דערקלערט, אַז דער קלאַסן־קאַמף איז דער בעסטער מיטל קעגן אַן אויסלענדישער מלחמה. באַווייזט לענין, אַז דאָס איז „מאַרקסעם דיאַלעקטיק בלויז אויף העלפט״. און אָט פאַרוואָס: מאַרקסעס דיאַלעקטיק פאָדערט אַ קאָנקרעטן אַנאַליז פון יעדער באַזונדערער היס־טאָרישער סיטואַציע. ראָזע לוקסעמבורג איז אָבער אינגאַנצן אַבסטראַקט. אַז דער קלאַסן־קאַמף איז דער בעסטער מיטל קעגן אַן איבערפאַל פון אַ שונא איז ריכטיק סיי בנוגע דער בורזשואַזיע, וואָס קעמפט אומצור־

*) לענין, „וועגן דער בראָשור פון יוניוס״, באַנד 19, זייט 184.

וואַרפֿן דעם פעאָדאַליזם, סיי בנוגע דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפּט אומצואוואַרפֿן די בורזשואַזיע. טאַקע דערפֿאַר, וואָס די דאָזיקע פּאָרמור־לירונג איז אַזוי אַלגעמיין, אַז זי קאָן אָנגעווענדט ווערן צו יעדער פאָרם פון קלאַסן־אונטערדריקונג, דערפֿאַר איז זי ניט גענוג בנוגע דעם גע־געבענעם פאַל. אַ בירגער־קריג איז אויך איינע פון די פאָרמען פון קלאַסן־קאַמף און בלויז די דאָזיקע פאָרם פון קלאַסן־קאַמף וואָלט געקאָנט ראַטעווען איי־ראָפּע פון אימפּעריאַליסטישער מלחמה. אַ „גרויס־גערמאַ־נישע רעפּובליק״, ווען זי וואָלט עקזיסטירט אין 1914, וואָלט געוווען פונקט אַזוי פאַרוויקלט אין דער וועלט־מלחמה ווי ווילהעלמס דייטשלאַנד.

ראָזע לוקסעמבורג פּריידיקט רעוואָלוציע, אָבער רעוואָלוציע מיט אַ ניט־ריכטיקער רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם. די „פאָלקס־פאַרטרעטער־שאַפט״, וועמעס ניט־אונטערגעבראָכענע סעסיע זי פאָדערט, וואָלט דאָ גאָרניט געהאָלפֿן. אין דייטשלאַנד איז דאָך די גאַנצע בורזשואַזע געזעל־שאַפט, אַריינגערעכנט די פּויערים, געווען פאַר דער מלחמה. די בורזשו־אַזיע איז געווען באַוואָפנט ביז די ציין. באַ אַזאַ לאַגע צו „פּראָקלאַמירן״ אַלס די פּראָגראַם פון אַ רעפּובליק, אַ ניט־אונטערגעבראָכענעם פּאַרלאַ־מענט, די דערוויילונג פון אָפיצערן א. ז. וו., וואָלט געמיינט אין דער פּראַקטיק דורכפירן אַ רעוואָלוציע מיט ניט קיין ריכטיקער רעוואָלוציאָ־נערער פּראָגראַם. „די אַלטע אמת־נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון די פּאַט־ריאָטן און דעמאָקראַטן פון 1848טן יאָר״ האָט ניט געקאָנט אָנגעווענדט ווערן אין דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה פון 1914טן יאָר.

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר געבראַכט אַן אויסצוג פון מאַרקסעס „בירגער־קריג אין פראַנקרייך״, וואו ער דערקלערט, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז שוין מער ניט פּייאיק צו זיין דער פירער פון נאַציאָ־נאַלע מלחמות. שוין אין 1871, האָט מאַרקס אַרויסגערוקט אַן אַנדער פּראָגראַם, ווי די וואָס ער האָט אַרויסגערוקט אין 1848טן יאָר, און אַוודאי האָט מען די פּראָגראַם פון 1848 ניט געקאָנט אַרויסרוקן פאַר דער דייטש־לאַנד פון 1914, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין אַ קאַמף אַף לעבן און טויט מיט ענגלאַנד פאַר דער איבערטיילונג פון דער וועלט.

לענין דערקלערט, פאַרוואָס ראָזע לוקסעמבורג האָט געמאַכט דעם דאָזיקן טעות און פאַרוואָס דוקא די לינקע פון פּוילן און האָלאַנד זיינען געווען די, וואָס האָבן באַזונדער שטאַרק געשטיצט אירע טעות'ן. עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, אַז ראָזע לוקסעמבורג איז געווען אַ שלעכטע אינטערנאַציאָנאַליסטקע, כאָטש איר טעאָריע האָט אומדירעקט, ווי לענין

באַווייזט, געשטיצט די אַפּאָרטוניסטן; אָדער וועגן דעם, אַז די האָלענדיש־פּוילישע חברים זיינען געווען ניט־אויפריכטיקע רעוואָלוציאָנערן־אינטער־נאַציאָנאַליסטן. ניין. לעניך זוכט דעם ענטפער אין די באַזונדערע אָביעקטיווע באַדינגונגען פון די דאָזיקע צוויי לענדער. סיי פּוילן, סיי האָלאַנד זיינען קליינינקע מלוכות, הילפלאָז אין דער „סיסטעם פון גרויסמאַכטן"; אַחוץ דעם געפינען זיי זיך געאָגראַפיש צווישן ריזיקע רויבערישע אימ־פּעריאַליסטישע מלוכות (האָלאַנד צווישן ענגלאַנד און דייטשלאַנד, פּוילן צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד). צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן דעם פאַקט, וואָס אין ביידע לענדער זיינען נאָך שטאַרק די דערינערונגען און טראַדיציעס פון די צייטן, ווען זיי אַליין זיינען געווען „גרויסמאַכטן",

„און אין דער דאָזיקער אייגנאַרטיקייט" — שרייבט לעניך — ליגט דער תוך פון דער זאַך! ווען די האָלענדישע און פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַרגומענטירן קעגן זעלבסט־באַשטימונג מיט דער הילף פון אַרגומענטן אַ ל ג ע מ י י נ ע, ד. ה. וואָס האָבן אַ שייכות מיט אימפּעריאַליזם אין אַלגעמיין, סאָציאַליזם אין אַל־געמיין, דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיין, פּאַרט באַ זיי, באמת, אַ טעות אויף אַ טעות און טרייבט אונטער מיט אַ טעות. אָבער מען דאַרף נאָר אָפּוואַרפן די קלאָר־פעלערהאַפטע שאָלעכץ פון אַ ל ג ע מ י י נ ע אַרגומענטן און אַ קוק געבן אין דעם תוך פון דער זאַך פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער אייגנאַרטיקייט, פון די ב אַ ז ו נ ד ע ר ע באַדינגונגען פון האָלאַנד און פּוילן, וועט פאַר אונז ווערן קלאָר און פולשטענדיק געזעצלעך זייער אייגנאַרטיקע פּאָזיציע. מען קאָן זאָגן, ניט מורא האָבנדיק אַריינצופאַלן אין אַ פּאַראַדאָקס, אַז ווען די האָלענדישע און פּוילישע מאַרקסיסטן טרעטן אַרויס מיט שוים אויף די ליפּן קעגן זעלבסט־באַשטימונג, ריידן זיי ניט אינגאַנצן דאָס וואָס זיי ווילן זאָגן, אָדער אַנדערש: זיי ווילן זאָגן ניט אינגאַנצן דאָס וואָס זיי ריידן."*)

מאַרקס און ענגעלס, ווי באַקאַנט, האָבן, אָנהויבנדיק מיט דעם קריזיס פון 1848טן יאָר און ביז זייער טויט, געהאַלטן, אַז דער רוסישער צאַריזם איז דער הויפּט־שונא. אַזוי שפּעט ווי אין 1890, ווען ס'האָט געדראָעט מיט אַ רעאַקציאָנערער מלחמה פון צאַריזם צוזאַמען מיט פראַנקרייך קעגן

*) לעניך, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאַשטימונג", באַנד 19, זייט 263.

דער ניט־אימפעריאליסטישער צו יענער צייט, נאציאנאל־אומאפהייננגיקער דייטשלאנד, איז ענגעלס געשטאנען הויפטזאכלעך פאר א קאמף קעגן צאַ־ריזם. דעריבער און בלויז דעריבער, זאגט לענין, זיינען מארקס און ענגעלס געווען קעגן דער נאציאנאלער באוועגונג פון די טשעכן און די דרום׳דיקע סלאוון, בלויז דעריבער האבן מארקס און ענגעלס געשטעלט אף איין זייט „גאנצע רעאקציאנערע פעלקער", וואס דינען אלס די פארפאסטן פון צאריזם אין אייראפע, און פון דער אנדער זייט „גאנצע רעוואלוציאנערע פעלקער", דייטשן, פאליאקן, מאדיארן. אזא איז געווען די ווירקלעכע לאגע אין 1848. די רעוואלוציאנערע פעלקער האבן געקעמפט פאר פריי־הייט און דער צאריזם איז געווען זייער הויפט־שונא. אזעלכע פעלקער ווי די טשעכן און די דרום־סלאוון זיינען געווען רעאקציאנערע פעלקער, וואס האבן געדינט אלס די פארפאסטנס פון רוסישן צאריזם.

„וואס־זשע" — פרעגט לענין — „דערציילט אונז דער דאָ־זיקער קאנקרעטער ביישפיל, וועלכן מען דארף פאנאנדערקלייבן קאנקרעט, אויב מען וויל זיין געטריי דעם מארקסיזם? בלויז דאס, אז 1) די אינטערעסן פון דער באפרייאונג פון עטלעכע גרויסע און גרעסטע פעלקער אין אייראפע שטייען העכער פון די אינטערעסן פון דער באפרייאונג־באוועגונג פון די קליינע נאציעס; 2) אז די פאדערונג פון דעמאקראטיע דארף מען נעמען אין אן אל־אייראפיי־אישן — איצט דארף מען זאגן: אלוועלטלעכן — מאסשטאב און ניט איזאלירט." *)

לענין ווייזט אן אף דעם, אז די לאגע האט זיך געענדערט צווישן 1848—1871 און 1890—1914, ווען דער אימפעריאליזם איז ארייננגע־טראטן אין זיין אויסגעקריסטאליזירטער עפאכע פון קאפיטאליזם.

„דער צאריזם האט בלי ספק אויפגעהערט צו זיין דער הויפט־אונטערשפאר פון רעאקציע, ערשטנס, צוליב דעם וואס ער ווערט געשטיצט פון אינטערנאציאנאלן פינאנץ־קאפיטאל, באזונדערס פון פראנקרייך, צווייטנס, צוליב 1905 . . . ביזן אימפעריאליזם האבן מארקס און ענגעלס ניט דערלעבט. איצט האט זיך צוזאמענגע־שטעלט א סיסטעם פון א הייפעלע (5־6 אין צאל) „גרויסע" אימ־

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאשטימונג", באנד 19, זייט 257.

פּעריאַליסטישע מלוכות, יעדע פון וועלכע אונטערדריקט פרעמדע נאַציעס.״ **)

און לענין מאַכט דעם אויספיר:

„פון דאַנען די קאָנקרעטע ענדערונג אין דער אָנווענדונג פון די זעלביקע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן: ד ע מ אָ ל ט, אין דער ערשטער ריי קעגן צאַריזם (און קעגן די אייניקע קליינע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וואָס דער צאַריזם האָט אויסגענוצט אין אַן אַנטי־דעמאָקראַטישער ריכטונג) פאַר די גרויס־נאַציאָנאַלע, רעוואָלוציאָנערע פעלקער פון מערב. א י צ ט קעגן דעם איינהייטלעכן פראָנט פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, פאַר אויסנוצן אין די צוועקן פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען קעגן אימפּעריאַליזם.״ *)

אגב באַווייזט לענין, אַז ס׳האָט זיך אויך געענדערט די ראָלע פון די קליינע פעלקער:

„וואָרים דער אינטערנאַציאָנאַלער פראָנט פון פּראָלעטאַרישן קאַמף האָט זיך געענדערט אין באַציאונג צו דער קאָנקרעטער פּאָזיציע פון די קליינע פעלקער: דעמאָלט (1848—1871) האָבן די קליינע פעלקער געהאַט אַ באַדייט ווי די מעגלעכע פאַרבינדעטע אָדער פון דער „מערב־דעמאָקראַטיע״ און די רעוואָלוציאָנערע פעלקער, אָדער פון צאַריזם; איצט (1898—1914) האָבן די קליינע פעלקער פאַרלאָרן אַזאַ באַדייט; זייער באַדייט איצט — איינער פון די שפּייז־קוואַלן פון פּאַראַזיטיזם און דעריבער פון דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם פון די „גרויסמעכטיקע״ נאַציעס. . . .

„די דיאַלעקטיק פון דער געשיכטע איז אַזאַ, אַז די קליינע פעלקער, וואָס זיינען מאַכטלאָזיק ווי אַ זעלבסטשטענדיקער פאַקטאָר אין קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם, שפּילן די ראָל ווי איינער פון די פערמענטן, איינער פון די באַצילן, וואָס העלפן דער אַרויסטרעטונג אויף דער סצענע פון דער ריכטיקער קראַפט קעגן אימפּעריאַליזם, די קראַפט פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט.״ **)

---

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאַשטימונג״, באַנד 19, זייט 285.

**) דאָרטן, זייט 259.

פאַרוואָס האָט לענין צוגעגעבן אַזאַ וויכטיקן באַדייט דער דאָזיקער פראַגע? אַ סך רוועאָלוציאָנערן האָבן דעמאָלט געגלויבט, אַז דער גאַנצער ענין איז אַ טעאָרעטישער, וואָס האָט ניט קיין פּראַקטישן ווערט. לענין אָבער האָט דערקלערט: ניין, דאָס איז אַ פראַגע פון דער גרעסטער פּראַקטישער וויכטיקייט פאַרן פּראָלעטאַריאַט, אַ פראַגע פון אַנטשיידנדיקן באַדייט פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער סטראַטעגיע און טאַקטיק אין קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם צוליב צוויי אורזאַכן: ערשטנס צוליב דעם, וואָס אַ ריכטיקער מאַרקסיסטישער צוגאַנג אין דער פראַגע העלפט שאַפן אַ ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו און אינטערנאַציאָנאַלע סטראַטעגיע; און, צווייטנס צוליב דעם, וואָס ניט־ריכטיקע טעאָרעטישע שטאַנדפּונקטן, אויב מען באַשטייט אַף זיי, פירן אומפאַרמיידלעך צו אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק.

לאָמיר דאָס דערקלערן אַ ביסל מער גענוי: ניט אָנערקענענדיק די מעגלעכקייט און דעם רעוואָלוציאָנערן באַדייט פון די נאַציאָנאַלע מלחמות פון די אונטערדריקטע פעלקער אין אַזיע, אַפריקע און דרום־אַמעריקע, קאָן מען בכלל ניט ריידן וועגן אַ וועלט־רעוואָלוציע. די פּערספּעקטיוון פון קלאַסן־קאַמף אין אייראָפּע וואָלטן דעמאָלט געדאַרפט זיין אינגאַנצן אַנדערע; צוזאַמען מיט די געענדערטע פּערספּעקטיוון, וואָלט די טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס געדאַרפט זיין אַן אַנדערע. די רעפאָרמיסטן, וואָס קוקן אַף די אונטערדריקטע פעלקער ווי אַף „באַר־באַרן", וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע אייראָפּע דאַרף „ציוויליזירן", באַ־רעכטיקן טאַקע מיט דער דעם זייער אייגענע רעפאָרמיסטישע פּאָליטיק. לענין, פאַרקערט, באַטראַכט דעם ביליאָן מענטשן, וואָס לעבט אין די קאָלאָניעס, אַלס אַ רעזערוו פון כחות פאַרן פּראָלעטאַריאַט; און די גאַנצע סטראַטעגיע פון לענינישן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז געבויט אַף דעם פאַרבאַנד צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין די אַנט־וויקלטע לענדער און די אונטערדריקטע פעלקער אין די קאָלאָניעס.

„וואָרים טראַכטן" — זאָגט לענין — „אַז ס'איז מעגלעך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אָן אויפשטאַנדן פון קליינע פעלקער אין די קאָלאָניעס און אין אייראָפּע, אָן רעוואָלוציאָנערע אויפרייסן פון אַ טייל פון קליינבירגערטום מיט אַלע זייַנע פאָראורטיילן, אָן דער באַוועגונג פון די אומבאַוואוסטזיניקע און האַלב־פּראָלעטאַרישע מאַסן קעגן דעם יאָך פון די פּריצים, קירך, קעגן דעם מאָנאַרכיס־טישן, נאַציאָנאַלן, א. אַז. וו. יאָך — אַזוי טראַכטן מיינט זיך אָפּ־

זאָגן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מסתמא וועט זיך אויסשטעלן אַף איין פּלאַץ איין אַרמיי און וועט זאָגן: „מיר זיינען פאַרן סאָציאַליזם", און אַף אַ צווייטן פּלאַץ אַ צווייטע אַרמיי, וואָס וועט זאָגן: „מיר זיינען פאַרן אימפּעריאַליזם", און דאָס וועט זיין די סאָציאַלע רעוואָלוציע! בלויז מיט אַזאַ פּעדאַנטיש-לעכערלעכן שטאַנדפּונקט קאָן מען אָפּזידלען דעם אירלאַנדישן אויפשטאַנד (לע־נין רעדט וועגן דעם אויפשטאַנד אין אירלאַנד, וואָס קאָנאָלי האָט געפירט אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה, אין 1916—י. ס.) אַלס אַ „פּוטש". ווער עס דערוואַרט אַ „ריינע" סאָציאַלע רעוואָ־לוציע, דער וועט זיך קיינמאָל ניט דערוואַרטן, דער איז אַ רעוואָ־לוציאָנער אין ווערטער, וואָס פאַרשטייט ניט אַ ווירקלעכע רעוואָ־לוציע." *)

פּונקט אַזוי וויכטיק איז די צווייטע אורזאַך — פאַלשע טעאָרעטישע שטאַנדפּונקטן, אויב מען באַשטייט אַף זיי, פירן צו אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָ־נערער פּראַקטיק. אָט ווי לענין דערקלערט עס:

„מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט גענוי אַף דער ניט-ריכטיקייט פון דער הנחה, אַז „מער קאָנען ניט זיין קיין נאַציאָנאַלע מלחמות", ניט בלויז צוליב דעם, וואָס זי איז אויסדריקלעך פאַלש טעאָרעטיש. ס'וואָלט, פאַרשטענדלעך, געווען זייער טרויעריק, ווען „לינקע" וואָלטן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ זאָרגלאָזיקייט בנוגע מאַרקסעס טעאָריע אין אַ צייט, ווען די גרינדונג פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז מעגלעך בלויז אַף אַ באַזיס פון אַ ניט-וואולגאַריזירטן מאַרק־סיזם. אָבער אויך אין פּראַקטיש-פּאָליטישער הינזיכט איז דער דאָזיקער טעות זייער שעדלעך: מען קאָן פון אים אַרויספירן די אומזיניקע פּראָפּאַגאַנדע וועגן „אַנטוואָפענונג", מחמת קיין אַנדערע מלחמות אויסער רעאַקציאָנערע קאָנען ניט זיין; פון אים פירט מען אַרויס די נאָך מער אומזיניקע און דירעקט-רעאַקציאָנערע גלייכגילטיקייט צו די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. אַזאַ גלייכגילטיקייט ווערט שאָוויניזם, ווען די מיטגלידער פון די אייראָפּייאישע „גרוי־

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועג זעלבסטבאַשטימונג", באַנד 19, זייט 269.

סע" נאציעס דערקלערן מיט א כלומרשטן געלערטן אנשטעל: „נאַ־ציאָנאַלע מלחמות קאָנען מער ניט זיין." **)

די שטעלונג פון די סאָציאַליסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און פון די טראָצקיסטן צו דער כינעזישער רעוואָלוציע באַשטעטיקט לעניגס וואָרענונג, וואָס ער האָט געגעבן אין 1916 וועגן דער געפאַר, וואָס ליגט אין אַ פאַלשן שטאַנדפּונקט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אין דער מעגלעכ־קייט פון נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און דעם פּאָליטישן לאָזונג, וואָס דרינגט פון דעם אַרויס — די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג פאַר אונטערדריקטע נאַציעס ביז דאָס רעכט זיך אָפּצוטיילן.

## זיינען מעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות אין איראָפּע?

אָבער נט בלויז אין די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס, נאָר אויך אין אייראָפּע זיינען אין דעם איצטיקן פּעריאָד מעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות. די קאָנקרעטע מעגלעכקייט פאַר אַזעלכע מלחמות אין אייראָפּע זעט לענין קודם כל אין דער עקזיסטענץ פון פילצאָליקע אונטערדריקטע מינדערהייטן.

„אין אייראָפּע" — שרייבט לענין — „זיינען די אָפּהייננגיקע פעלקער קאַפּיטאַליסטיש מער אַנטוויקלט (כאָטש ניט אַלע: די אַלבאַנער, פיל „אינאָראָדצעס" אין רוסלאַנד) ווי אין די קאָלאָניעס. אָבער טאַקע דאָס רופט אַרויס אַ גרויסן ווידערשטאַנד קעגן נאַציאָ־נאַלן דרוק און קעגן אַנעקסיעס. . . .

„די „הויכע אַנטוויקלונג" פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אייראָפּע איז אַף אַזאַ אויפן בכלל ניט קיין באַווייז קעגן נאַציאָנאַלע אויפשטאַנדן און מלחמות, נאָר גיכער פאַרקערט.

„רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פון אַלע מינים — אין דער צאָל אויך נאַציאָנאַלע — אין דער אייראָפּייאישער אומגעבונג זיינען מער מעגלעך, קאָנען מער פאַרווירקלעכט ווערן, זיינען מער איינ־געשפּאַרט, זיינען מער באַוואוסטזיניק, זיינען שווערער צו באַזיגן, ווי אין די קאָלאָניעס." *)

---

**) לענין, „וועגן דער בראשור פון יוניוס", באַנד 19, זייטן 183-184.

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאַשטימונג", באַנד 19, זייט 255.

ביישפּילן וועגן אַזעלכע באַוועגונגען אין אייראָפּע זיינען פאַראַן אין די צענדליקער. דער הונדערטער־יאָריקער קאַמף פון די אירלענדער, דער קאַמף פון די מאַקעדאָנער פאַר פרייהייט, די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין דער אַמאָליקער עסטרייך, דער איצטיקער קאַמף פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן, פון די בעסאַראַביער אין רומעניע, פון דרום־טיראָל קעגן איטאַליע, א. אַז. וו., באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון לענינס אָפּשאַצונג.

די צווייטע מעגלעכקייט פאַר נאַציאָנאַלע מלחמות אין אייראָפּע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זעט לענין אין דעם פאַרביטערטן קאַמף פון די אימפּעריאַליסטישע גרויסמאַכטן צווישן זיך. לויט דעם געזעץ פון דיאַלעקטיק, „קאָן יעדע דערשיינונג זיך פאַרוואַנדלען אין איר קעגנזאַץ.״ אַרויסגייענדיק פון אָט דעם דיאַלעקטישן געזעץ, באַטראַכט לענין די מעגלעכקייט פון דער פאַרוואַנדלונג פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה:

„אַז די געגעבענע אימפּעריאַליסטישע מלחמה, 1914־1916, וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציאָנאַלער, איז אין דער העכסטער מאָס אוממוואַרשיינלעך, מחמת דער קלאַס, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די אַנטוויקלונג פאָראויס, איז דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער שטרעבט אָביעקטיוו צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ בירגער־קריג קעגן דער בורזשואַזיע, און דאַן אויך צוליב דעם, וואָס דער אונטערשייד אין די כחות פוןביידע קאָאַליציעס איז ניט באַדייטנד. אויך האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער פינאַנץ־קאַפּיטאַל געשאַפן אומעטום אַ רעאַקציאָנערע בורזשואַזיע. אָבער מען קאָן ניט דערקלערן, אַז אַזאַ פאַרוואַנדלונג איז אוממעגלעך: אויב דער פּראָלעטאַריאַט אין אייראָפּע זאָל זיך אַרויסווייזן מאַכטלאָזיק אויף אַ יאָר צוואַנציק; אויב די געגעבענע מלחמה וואָלט זיך געענדיקט מיט זיגן פון דעם כאַראַקטער פון די נאַפּאָלעאָנישע זיגן און מיט דער פאַרשקלאַפונג פון אַ צאָל לעבנס־פעיִקע נאַציאָנאַלע מלוכות; אויב דער אויסער־אייראָפּעיִשער אימפּעריאַליזם (דער יאַפּאַנעזישער און אַמעריקאַנער אין דער ערשטער ריי) זאָל זיך אויך איינהאַלטן אַ יאָר צוואַנציק, ניט אַריבערגייענדיק צו סאָציאַליזם צוליב אַ יאַפּאַנעזיש־אַמעריקאַנישע מלחמה, צום ביישפּיל — דעמאָלט וואָלט מעגלעך געווען אַ גרויסע נאַציאָנאַלע מלחמה אין אייראָפּע. דאָס וואָלט געווען די אַנטוויקלונג פון אייראָפּע אויף צוריק אויף עטלעכע צענדליק יאָרן. דאָס

איז אומווארשיינלעך, אָבער דאָס איז ניט אוממעגלעך, מחמת פאַר־שטעלן זיך די וועלט־געשיכטע, אַז זי גייט גלאַט און פּינקטלעך פאָראויס, אָן אַפּטמאָל גיגאַנטישע שפּרונגען אויף צוריק, איז ניט דיאַלעקטיש, ניט וויסנשאַפטלעך, טעאָרעטיש ניט ריכטיק." *)

היינט צו טאָג איז דאָס אַן אָנגענומענער אמת בײַ די קאָמוניסטישע פּאַרטייען איבער דער גאַנצער וועלט. אין 1915-1916 אָבער האָט אַ גאַנצע גרופּע מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער, צווישן זיי אַזאַ קלאָרער קאָפּ ווי ראָזע לוקסעמבורג, ארויסגערוקט די טעאָריע, אַז אין דער אימפּעריאַ־ליסטישער עפּאָכע „זיינען נאַציאָנאַלע מלחמות אוממעגלעך".

## די פראַגע וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה

פעסטשטעלן, אַז אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם זיינען מעגלעך נייע נאַציאָנאַלע מלחמות, מיינט אוועקשטעלן פאַר דעם ארבעטער־קלאַס און זיינע קאָמוניסטישע פּאַרטייען די פראַגע וועגן דער טאַקטיק אין אַזאַ מלחמה, אין דער ערשטער ריי די פראַגע וועגן דער פּרינציפּיעלער שטעלונג צו דער „פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד".

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אָנגעוויזן אויף לענינס ביטערן קאַמף קעגן די סאָציאַל־שאָוויניסטן, וואָס האָבן ארויסגערוקט דעם דאָזיקן לאָזונג אין דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. אָבער לענין קעמפט ניט בכלל קעגן פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, נאָר קאָנקרעט, אין דער אָנ־ווענדונג צו אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

„וואָס איז אַזוינס „די פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד", אַלגע־מיין גערעדט?" — שרייבט לענין — „איז דאָס עפּעס אַ וויסנ־שאַפטלעכער באַגריף אין געביט פון עקאָנאָמיק, אָדער פּאָליטיק, א. אַז. וו.? ניין. דאָס איז פּשוט דער מער גייענדיקער, אַלגעמיין־געברויכטער, אָפטמאָל דער פּשוט בירגערלעכער אויסדרוק, וואָס באַ־דייט די באַרעכטיקונג פון דער מלחמה. מער גאָרניט, אָבער טאַקע גאָרניט! „פאַררעטעריש" קאָן אין דעם זיין בלויז דאָס, וואָס דער דורכשניטלעכער בירגער איז פייאיק צו באַרעכטיקן יעדע מלחמה, זאָגנדיק: „מיר פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", אין דער צייט וואָס דער מאַרקסיזם, וועלכער דערנידעריקט זיך ניט ביז בירגעריי,

*) לענין, „וועגן דער בראָשור פון יוניוס", באַנד 19, זייט 182.

פאָדערט אַ היסטאָרישן אַנאַליז פון יעדער באַזונדערער מלחמה, כדי זיך פאַנאַנדערצוקלייבן, צי מען קאָן רעכענען די דאָזיקע מלחמה פּראָגרעסיוו, אַלס אַ מלחמה וואָס דינט די אינטערעסן פון דער דעמאָקראַטיע, אָדער פון פּראָלעטאַריאַט, און אין דעם זין גערעכט, אַ. אַז. וו." *)

ניט אין יעדן פאַל, דעריבער, איז דאָס פאַרטיידיקן פון פאָטערלאַנד אַ פאַרראַט פון סאָציאַליזם. אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה איז דאָס „פאַרטיידיקן פון פאָטערלאַנד" געווען אַ פאַרראַט קעגן סאָציאַליזם און מען האָט דאָס געדאַרפט קלאָר מאַכן פאַר די אַרבעטער. פאַרקערט אָבער, „אין אַן אמת'ער נאַציאָנאַלער מלחמה זיינען די ווערטער „פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד" גאָרניט קיין שווינדל, און מיר זיינען גאָרניט קעגן דעם." **)

לענין באַווייזט, אַז די ניט־ריכטיקע אָנווענדונג פון דעם דאָזיקן לאָזונג אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, אָדער דער צוגאַנג ווי צו אַן אַלגעמיינעם אַבסטראַקטן פּרינציפּ, פירט גלייך אין לאַגער פון די אימפּעריאַליסטן. ער באַווייזט עס אין פאַרבינדונג מיט זיין קריטיק פון די טעזיסן פון די פּוילישע לינקע. ער זאָגט, אַז אָפּוואַרפן „דאָס פאַרטיידיקן פון פאָטערלאַנד" „בכלל", ביז „דער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרכאַפּן די מאַכט", איז ניט נאָר זינלאָזיק, נאָר רעאַקציאָנער און אפילו שאָוויניסטיש. און אָט פאַרוואָס:

„אין דעם דריטן פּאַראַגראַף פון דעם ערשטן טייל פון זייערע טעזיסן" — שרייבט לענין — „דערקלערן די פּוילישע חברים גאַנץ באַשטימט, אַז זיי זיינען קעגן וועלכע אַנעקסירונגען. צום באַדויערן באַגעגענען מיר אין פערטן פּאַראַגראַף פון דעם זעלביקן טייל אַ באַהויפּטונג, וואָס מיר מוזן אָנערקענען אַלס אַן אַנעקסיאָניסטישע. דער דאָזיקער פּאַראַגראַף הויבט זיך אָן מיט דער פאָלגנדיקער . . . ווי זאָגן עס, ווייכער . . . מאָדנער פראַזע:

„דער אויסגאַנג־פּונקט פון קאַמף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קעגן אַנעקסירונגען, קעגן גוואַלטזאַמען איינהאַלטן אונטערדריקטע נאַציעס אין די גרענעצן פון דער אַנעקסירנדיקער מלוכה שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפּזאָג פון יעדער פאַרטיידיקונג

*) לענין, „וועגן אַ קאַריקאַטור איבערן מאַרקסיזם און וועגן אימפּעריאַליסטישן עקאָנאָמיזם", באַנד 19, זייט 198.
**) דאָרטן, זייט 200.

פון פאטערלאנד (אונטערגעשטראכן פון די פארפאסערס), וואס אין דער ערא פון אימפעריאליזם מיינט די פארטיידיקונג פון די רעכטן פון דער אייגענער בורזשואזיע אף אונטערדריקן און באראבעווען פרעמדע פעלקער . . .״

„וואס? ווי אזוי?

„דער אויסגאנג-פונקט פון קאמף קעגן אנעקסירונגען מיינט אפזאגן זיך פון יעדער פארטיידיקונג פון פאטערלאנד״ . . . אבער „דאס פארטיידיקן דאס פאטערלאנד״ קאן מען אנרופן, און ביז איצט איז געווען אלגעמיין אנגענומען אנצורופן, יעדע נאציאנאלע מלחמה און יעדן נאציאנאלן אויפשטאנד! מיר זיינען קעגן אנעקסירונגען, אבער . . . מיר פארשטייען דאס אזוי, אז מיר זיינען קעגן דער מלחמה פון די אנעקסירטע פאר זייער באפרייאונג פון די אנעקסירער, מיר זיינען קעגן אן אויפשטאנד פון די אנעקסירטע פארן צוועק זיך צו באפרייען פון די אנעקסירער. צי דען איז דאס ניט אן אנעקסיסטישע באהויפטונג?״ *)

לענין מאכט צונישט די ראדיקאלע פראזן, וואס די פוילישע סאציאליסטן און די „לינקע ראדיקאלן״ האבן באנוצט צו „באווייזן״ זייער שטאנדפונקט. ער זאגט:

„אין די דאזיקע אויסזעצונגען איז בכלל ניטא גארניט וואס איז מארקסיסטיש, אדער רעוואלוציאנער. ניט פארראטנדיק דעם סאציאליזם דארפן מיר שטיצן יעדן אויפשטאנד קעגן אונזער הויפט־שונא — די בורזשואזיע פון די גרויסע מלוכות, אויב דאס איז ניט אן אויפשטאנד פון א רעאקציאנערן קלאס. אפזאגנדיק זיך פון שטיצן די אויפשטאנדן פון אנעקסירטע געגנטן, ווערן מיר — אביעקטיוו — אנעקסיאניסטן. טאקע אין דער „ערא פון אימפעריאליזם״, וואס איז די ערא, ווען עס הויבט זיך אן די סאציאלע רעוואלוציע, שטיצט היינט דער פראלעטאריאט מיט א באזונדערער ענערגיע אן אויפשטאנד פון אן אנעקסירטער געגנט, כדי מארגן, אדער גלייכצייטיק, אנפאלן אף דער בורזשואזיע פון א „גרויסער״ מלוכה, וואס ווערט אפגעשוואכט דורך אזא אויפשטאנד.״ **)

---

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאשטימונג״, באנד 19, זייטן 249-250.

**) דארטן, זייט 251.

קלאָר־מאַכנדיק די שטעלונג פון ארבעטער־קלאַס צו דער אויפגאַבע פון „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה, האָבן מיר אָבער נאָך ווייט ניט געגעבן קיין אויסשעפּנדיגן ענטפער אויף דער פּראָבלעם פון דער קאָנקרעטער טאַקטיק פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַזאַ מלחמה.

## די טאַקטיק פון קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין נאַציאָנאַלע מלחמות

אויב אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, פון איין זייט, און אין אַ רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישער מלחמה, פון דער אַנדער זייט, איז דער צוועק אַ קלאָרער און דער אויסוואַל פון טאַקטישע מיטלען איז מער פון אַלץ אַ פּראַגע וועגן דער ווירקזאַמקייט פון די דאָזיקע מיטלען — איז אין פאַרבינדונג מיט נאַציאָנאַלע מלחמות די לאַגע אינגאַנצן אַן אַנדערע. דאָ מוז מען שטענדיק האָבן אין זינען אַ גאַנצע ריי קאָנקרעטע פּאָליטישע און היסטאָרישע באַדינגונגען; דאָ, נאָך מער ווי אין אַנדערע טיפּן מלחמות, טאָר מען ניט אָננעמען קיין „אַלגעמיינע" שטעלונג, נאָר מען מוז אונטערזוכן יעדע פאַזע פון אַזאַ מלחמה, באַזירנדיק זיך שטענדיק אויף דער טעאָרעטישער הנחה, אַז מלחמה איז „אַ פאָרזעצונג פון פּאָליטיק".

מיינט דאָס, אַז מיר קאָנען אינגאַנצן ניט האָבן קיין אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט אין פעסטשטעלן די טאַקטיק פון ארבעטער־קלאַס אין נאַציאָנאַלע מלחמות? ניין. ארויסגייענדיק פון די אַלגעמיינע פּאָליטישע פּרינציפּן פון ארבעטער־קלאַס, האָט לענין אין זיינע טעזיסן וועגן דער נאַציאָנאַלער און קאָלאָניאַלער פראַגע פאָרמולירט די אַלגעמיינע טאַקטיק פון ארבעטער־קלאַס אין די דאָזיקע מלחמות. די דאָזיקע טעזיסן, וואָס זיינען מיט קליינע ענדערונגען אָנגענומען געוואָרן פון צווייטן קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, זיינען די באַזע פאַר דער טאַקטיק פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער אין דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע מלחמות.

לענינס גרונט־דירעקטיוו אין דער פראַגע איז ווי פאָלגט:

„. . . אין גרונט פון דער גאַנצער פּאָליטיק פון קאָמינטערן אין קאָלאָניאַלע און נאַציאָנאַלע פראַגן דאַרף אוועקגעשטעלט ווערן די דערנענטערונג פון די פּראָלעטאַריער און ארבעטנדיקע מאַסן פון

אלע נאציעס און לענדער פאר א געמיינזאמען קאמף צו פארניכטען
די פריצים און די בורזשואזיע." *)

די טאקטיק פון די קאמוניסטן האט דעריבער איין אלגעמיינע אויפ־גאבע אין אלע נאציאנאלע מלחמות. די דורכפירונג פון דער אויפגאבע הענגט אפ פון די קאנקרעטע פארהעלטניסן פון קלאסן־כחות אין יעדער לאנד באזונדער, אין יעדער נאציאנאלער מלחמה באזונדער, אין יעדער פאזע פון דער מלחמה באזונדער. אזוי דערקלערט לענין, אז ווען ס'האנדלט זיך וועגן א „מער־אפגעשטאנענעם" לאנד מיט איבערוועגנדיקע פעאדאלע, אדער פאטריארכאליש־פויערשע באציאונגען, דארף מען אפילו אריינ־טרעטן אין צייטווייליקע אפמאכן מיט דער בורזשואזיע:

„דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל דארף אריינטרעטן אין צייטווייליקע אפמאכן, אפילו אין פארבאנדן מיט דער בורזשו־אזער דעמאקראטיע פון די קאלאניעס און אפגעשטאנענע לענדער, אבער ניט צוזאמענגיסן זיך מיט איר, און אומבאדינגט איינהיטן די זעלבסטשטענדיקייט פון דער פראלעטארישער באוועגונג, ווען זי איז אפילו אין איר סאמע עמבריאנישער פארם."**)

אין זיין רעדע אפן צווייטן קאנגרעס פון קאמינטערן האט לענין גענוי קלאר געמאכט דעם דאזיקן פונקט:

„מיר, ווי קאמוניסטן, דארפן און וועלן שטיצן בורזשואזע באפרייאונג־באוועגונגען אין די קאלאניאלע לענדער בלויז אין די פאלן, ווען די דאזיקע באוועגונגען זיינען ווירקלעך רעוואלוציאנער, ווען זייערע פארשטייער וועלן אונז ניט שטערן דערציען און אר־גאניזירן אין רעוואלוציאנערן גייסט דאס פויערטום און די ברייטע מאסן עקספלואטירטע." ***)

די טאקטיק פון אן אפמאך און דירעקטער שטיצע פון א נאציאנאלער מלחמה מצד דעם פראלעטאריאט האט לענין אנגעווענדט, ווי מיר זעען, אין א פאל, ווען ס'האנדלט זיך וועגן א דעמאקראטישער רעוואלוציע אין לענדער, וואו די נאציאנאלע בורזשואזיע שפילט נאך די פירנדיקע ראל. אין לענדער, אבער, וואו די בורזשואזיע האט אויפגעהערט צו שפילן אזא

*) לענין, „דרעפט פון די טעזיסן וועגן דער נאציאנאלער און קאלאניאלער פראגע", באנד 25, זייט 286.
**) לענין, דארטן, זייט 290.
***) לענין, באנד 25, זייט 353.

ראַל, וואו זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן אימפּעריאַליזם — אין אַזעלכע לענדער דאַרף די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק זיך אויסדריקן אין אַ גלייכצייטיקן קאַמף קעגן דער פאַררעטערישער בורזשואַזיע. ס'קאָן אויך זיין אַן אַנדער פאַל: די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פון אַזעלכע לענדער, וואו אָפן טאָג־אָרדענונג שטייט די פראַגע וועגן אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אין אַזאַ פאַל קאָן מען ניט ריידן וועגן אָפּמאַכן מיט דער בורזשואַזיע, אין אַזאַ פאַל דאַרף די לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַרבונדן ווערן מיט דעם קאַמף פאַר דער אומוואַרפונג פון דער בורזשואַזיע און פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

די פאַרוויקלטקייט פון דער טאַקטיק אין נאַציאָנאַלע מלחמות קאָנען מיר אַמבעסטן באַגרייפן אין פאַרבינדונג מיט דער נאַציאָנאַלער מלחמה אין כינע אין 1926־1927. די דאָזיקע מלחמה איז געפירט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון דער כינעזישער רעוואָלוציע קעגן די מיליטאַריסטן פון צפון־כינע און די אימפּעריאַליסטן פון די גרויסע מלוכות, וואָס שטייען הינטער זיי. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ לאַגע, וואָס איז געווען אַנאַלאָגיש מיט דער לאַגע אין 1848 אין דייטשלאַנד, ווען מאַרקס און ענגעלס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און האָבן פאָרגעשטעלט דעם אַקטיווסטן כח, וואָס האָט געשטויסן די פּחדנות'דיקע דייטשע בורזשואַזיע צו אַ נאַציאָנאַלן קאַמף קעגן צאַריזם. אָבער אונטערן לאָזונג פון מלחמה קעגן צאַריזם האָבן מאַרקס און ענגעלס געזוכט צו פאַרווירקלעכן אַ נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטישע דיקטאַטור. אויך אין כינע, אין דער מלחמה פון 1926־1927, איז די כינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אַרויסגעטראָטן אַלס די סאַמע אַנטשלאָסענע מלחמה־פּאַרטיי קעגן אימפּעריאַליזם. זי האָט צייטווייליק געשטיצט די דעמאָקראַטישע בורזשואַזיע און זי געשטויסן צו האַנדלונגען, אָבער גלייכצייטיק האָט די כינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי זיך געגרייט פאַרן קאַמף קעגן דער פאַררעטערישער בורזשואַזיע, זוכנדיק צו שאַפן צוזאַמען מיטן פויערטום אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע דיקטאַטור. נאָך דעם פאַרראַט פון טשיאַן קאַי־שעק און דעם איבערגאַנג פון קליינבירגערטום אַף דער זייט פון דער „נאַציאָנאַליסטישער" רעאַקציע, האָט די כינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי געענדערט איר טאַקטיק, זי האָט זיך אָבער ניט אָפּגעזאָגט פון דער נאָענטער אויפגאַבע: דורכפירן די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און איינשטעלן אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור, וואָס פּאַרטיי־דיקט דאָס פאָטערלאַנד קעגן אימפּעריאַליזם.

אין פאַרבינדונג מיט דעם איז וויכטיק אָנצואווייזן אויף דער „לינקער" קריטיק פון טראָצקי׳ן און די טראָצקיסטן בנוגע דער שטעלונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע פון דער כינעזישער רעוואָלוציע. טראָצקי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיינע טעות׳ן אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, קעגן וועלכע לענין האָט געפירט אַזאַ ביטערן קאַמף. לענין האָט כאַראַקטעריזירט דעם טראָצקיזם אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה ווי אַ געמיש פון אַ שטיק קאַוטסקיאַנסטוואָ, אַ ביסעלע לוקסעמבורגיזם און עמערס גאַנצע מענשעוויזם; מיר האָבן געזען ווי אַזוי לענין האָט אויסגעלאַכט טראָצקי׳ס „אָנגעבלאָזענע פראַזן, דורך וועלכע ער פאַרטיידיקט אַלעמאָל דעם אָפּאָרטוניזם". די אַנטוויקלונג פון טראָצקיזם, פון אַן אָפּאָזיציע קעגן דער לענינישער פּאָליטיק פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו אַן אָפענער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אַגענטור פון דער בורזשואַזיע, באַווייזט אַמקלאָרסטן ווי אַזוי טעאָרעטישע טעות׳ן, ווען מען זאָגט זיך פון זיי ניט אָפּ, פירן דירעקט אין לאַגער פון שונא, אין לאַגער פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע.

## נאַציאָנאַלע מלחמות און בירגער־קריג

נאָך אַ וויכטיקע פראַגע וועגן דער טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין נאַציאָנאַלע מלחמות איז די פראַגע וועגן דעם, צי דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף פאַרוואַנדלען אַ נאַציאָנאַלע מלחמה אין אַ בירגער־קריג קעגן דער בורזשואַזיע? דער ענטפער אויף אָט־דער פראַגע דרינגט אַרויס פון דער שטעלונג צו דער „פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד" אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה קעגן אימפּעריאַליזם, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט. וועגן אַזאַ אַלגעמיינעם לאָזונג קאָן קיין רייד ניט זיין, קודם כל אין אַזעלכע נאַציאָנאַלע מלחמות, אין וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס טרעט אַריין אין צייטווייליקע אָפּמאַכן מיט דער בורזשואַזיע פאַר אַ לענגערער, אָדער קירצערער צייט; נאַטירלעך, קאָן דער אַרבעטער־קלאַס ניט פירן קיין בירגער־קריג קעגן אַ רעגירונג און קעגן די קלאַסן, מיט וועלכע ער פירט צוזאַמען אַ קאַמף קעגן פעאָדאַליזם, אָדער אימפּעריאַליזם. פון דער אַנדער זייט, וואָלט אָבער געווען אינגאַנצן פאַלש צו מאַכן דעם אויספיר, אַז וויבאַלד דער לאָזונג, „פאַר אַ דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג", איז ניט אָננעמבאַר אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה, קאָנען דעריבער בכלל ניט זיין קיין פאַלן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך נעמען פאַר געווער און

פארוואנדלען אזא מלחמה אין א בירגער־קריג. און ווידעראמאל וועלן מיר נעמען אלס א ביישפיל די כינעזישע רעוואלוציע. דער איבערגאנג פון דער כינעזישער בורזשואזיע און אירע גענעראלן אין לאגער פון אימ־פעריאליזם האט אוועקגעשטעלט פאר דעם כינעזישן ארבעטער־קלאס און זיין קאמוניסטישע פארטיי די אויפגאבע צו פארוואנדלען די נאציאנאלע מלחמה אין א בירגער־קריג, כדי דורכצופירן די אגראר־רעוואלוציע און די דעמאקראטישע דיקטאטור פון די ארבעטער און פויערים.

נאך איין פראבלעם אין פארבינדונג מיט נאציאנאלע מלחמות אין די קאלאניעס און האלבע קאלאניעס דארף דא קלאר געמאכט ווערן. אזעלכע מלחמות האבן א באדייט ניט בלויז פארן ארבעטער־קלאס פונם לאנד, וואו עס קומט פאר א נאציאנאלע רעוואלוציע, נאר אויך פארן ארבעטער־קלאס פון דער רעאקציאנערער אימפעריאליסטישער מלוכה, וואס פירט די מלחמה קעגן דער באפרייאונגס־באוועגונג אין א קאלאניע. דער ארבעטער־קלאס אין די אימפעריאליסטישע לענדער מוז אויך שטענ־דיק האבן אין זינען, אז זיין טאקטיק בנוגע אזא מלחמה דארפן אפהייגען פון דער קאנקרעטער לאגע, פון די קאנקרעטע פאזן אין דער אנטוויקלונג פון דער דאזיקער מלחמה. אבער איין אלגעמיינעם דירעקטיוו האט לענין געגעבן אלע קאמוניסטישע פארטייען אין די בארימטע 21 באדינגונגען פאר אנשליסן זיך אין קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל. איינער פון די פונקטן לויטעט: א ק א מ ו נ י ס ט י ש ע פ א ר ט י י א י ז פ א ר־פ ל י כ ט ע ט א ו י פ צ ו ד ע ק ן ד י מ א כ י נ א צ י ע ס פ ו ן א י ר א י י ג ע נ ע ר א י מ פ ע ר י א ל י ס ט י ש ע ר ר ע ג י ר ו נ ג א י ן ד י ק א ל א נ י ע ס נ י ט ב ל ו י ז ד ו ר ך ו ו ע ר ט ע ר, נ א ר ד ו ר ך מ ע ש י ם א ו ן ה ע ל פ ן א ר ו י ס ט ר י י ב ן פ ו ן ד י ק א ל א נ י ע ס ד י פ ר ע מ ד ע א י מ פ ע ר י א־ל י ס ט ן. דאס איז דער יסוד פאר דער טאקטיק פון ארבעטער־קלאס אין די אימפעריאליסטישע לענדער בנוגע די קאלאניעס אונטער אלע אומשטענדן.

„דער שווער־פונקט פון דער אינטערנאציאנאלער דערציאונג פון די ארבעטער אין די אונטערדריקנדיקע לענדער" — האט לענין אונז געלערנט — „מוז באשטיין אין פריידיקן און באשטיין אף דער פרייהייט פון די אונטערדריקטע לענדער זיך אפצוטיילן. אן דעם איז ניטא קיין אינטערנאציאנאליזם. מיר האבן א רעכט און זיינען פארפליכטעט צו באהאנדלען יעדן סאציאל־דעמאקראט פון

אן אונטערדריקנדיקער נאציע, וואס פירט ניט אזא פראפאגאנדע, ווי אן אימפעריאליסט און אן אויסוואורף.״ *)

ווען לענין האט די דאזיקע ווערטער געשריבן, האט ער נאך ניט געהאט די דערפארונג מיט די סאציאל־דעמאקראטן פון צווייטן אינטער־נאציאנאל פון דעם נאך־מלחמה׳דיקן פעריאד, וואס האבן זיך פון סאציאל־שאוויניזם דערקייקלט צו אפענע איבערגעגעבענע דינער פון זייער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע. זייערע מעשים אין די יארן פון דער אימפעריאליסטישער וועלט־מלחמה קוקן אויס ווי בלימלעך אין פאר־גלייך מיט די פרוכטן פון זייער טאג־טעגלעכן פאראט קעגן ארבעטער־קלאס, וואס זיי זיינען באגאנגען און באגייען זינט דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

---

*) לענין, „סך הכל פון דער דיסקוסיע וועגן זעלבסטבאשטימונג״, באנד 19, זייטן 261-262.

# דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און אימפּעריאַ־ליסטישע מלחמות

די פּראָבלעם פון מלחמה שטייט פאַר דעם ארבעטער־קלאַס פון דער גאַנצער וועלט אינגאַנצן אַנדערש, נאָכדעם ווי די ארבעטער האָבן אויסגע־קעמפט די מאַכט — ווען אפילו דערווייל נאָר אין איין לאַנד.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט פאַרשנעלערט איר אָנקום, האָט ארויסגערוקט און געלייזט אַ גאַנצע ריי נייע פּראָבלעמען אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגן מלחמות.

די פראַגע וועגן דער פּאָליטיק פון ארבעטער־קלאַס, זיין פּאָזיציע אין דער וועלט־פּאָליטיק, אויב ער זאָל פאַרכאַפּן די מאַכט אין איינעם פון די קעמפּנדיקע לענדער, למשל אין רוסלאַנד, האָט לענין אוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער גרויס נאָך אין 1915, אין סאַמע ברען פון דער אימפּעריאַליס־טישער וועלט־מלחמה, ווען דער צאַריזם האָט נאָך אויסגעקוקט פעלזן־פעסט. אין זיינע „עטלעכע טעזיסן", וואָס לענין האָט פאַרעפנטלעכט אין „סאָציאַל־דעמאָקראַט", אין אָקטאָבער 1915, האָט ער געשריבן:

„אויף דער פראַגע, וואָס וואָלט געטאָן די פּארטיי פון פּראָלע־טאַריאַט, אויב אַ רעוואָלוציע וואָלט זי אוועקגעשטעלט בא דער מאַכט אין דער איצטיקער מלחמה, ענטפערן מיר: מיר וואָלטן פאָרגעשלאָגן פרידן אַלע קעמפנדיקע אויף דעם באַדינג פון דער באַ־פרייאונג פון די קאָלאָניעס און אַלע אָפּהיינגיקע, אונטערדריקטע און ניט־פולבארעכטיקטע פעלקער. ניט דייטשלאַנד, ניט ענגלאַנד, ניט פראַנקרייך וואָלטן ניט אָנגענומען, מיט זייערע איצטיקע רע־גירונגען, דעם דאָזיקן באַדינג. דאַן וואָלטן מיר געדאַרפט צוגרייטן און פירן אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה, ד. ה. ניט נאָר וואָלטן מיר פולשטענדיק דורכגעפירט דורך די סאַמע אַנטשיידנדיקע מיטלען אונזער גאַנצע מינימום־פּראָגראַם, נאָר וואָלטן סיסטעמאַטיש אָנ־געהויבן אויפהויבן אין אויפשטאַנד אַלע פעלקער, וואָס ווערן איצט אונטערדריקט פון די גרויס־רוסן, אַלע קאָלאָניעס און אָפּהייננגיקע לענדער אין אזיע (אינדיע, כינע, פערסיע, א. אז. וו.) און אויך — אין דער ערשטער ריי — וואָלטן מיר אויפגעהויבן אין אויפשטאַנד

דעם פראָלעטאַריאַט פון אייראָפּע קעגן זייערע רעגירונגען, להכעיס זיינע סאָציאַל־שאָוויניסטן." *)

ס'איז וויכטיק זיך געגוי אריינצוטראַכטן אין אָט דעם לענין־טעזיס. ער באַווייזט אונז ווי שוין דעמאָלט, אין 1915, האָט לענינס אויג געזען דעם גאַנצן פּראָצעס פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. לענין באַטראַכט די רעוואָלוציאָנערע מלחמה ווי אַ טייל, און ווי אַ וויכטיקן טייל, פון דעם פּראָצעס פון דער וועלט־רעוואָלוציע. ער זעט פאָראויס די קאָמביגאַציע פון רעוואָלוציאָנערע מלחמות פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור מיט בירגער־מלחמות פון פּראָלעטאַריאַט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און מיט נאַציאָנאַלע מלחמות פון די אונטערדריקטע פעלקער. וואָרים די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס פון אַ גאַנצער עפּאָכע. די וועלט־מלחמה האָט דעם דאָזיקן פּראָצעס ערשט אָנגעהויבן.

די סאָציאַל־שאָוויניסטן, און איבערהויפּט די רוסישע, האָבן זיך אויסגעלאַכט פון לענינס טעזיסן. אָט־דאָס איז דיר אַ חברה לצים! האָבן זיי זיך געוויצלט אָפן חשבון פון די באָלשעוויקעס. אינגאַנצן איז דאָס אַ „סעקטע", אַ „הייפעלע פאַנאַטיקער" און מען רעדט וועגן דעם, וואָס זייער פּאַרטיי וואָלט געטאָן, ווען זי וואָלט געהאַט די מאַכט. . . . וועגן היסטאָרישן מאָרגן קאָן דענקען אַ מאַרקסיסט־רעוואָלוציאָנער, ניט אַ פּיליסטער — אַ קליינבירגער!

די געשיכטע האָט באַשטעטיקט ווי ריכטיק ס'איז געוועזן לענינס גלויבן אין די רעוואָלוציאָנערע כחות פון פּראָלעטאַריאַט.

„די אמת־רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן" — האָט לענין געשריבן אין „אַן אָפענער בריוו צו סואוואַרינען" אין אָנהויב 1917, פאַר דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — „זיינען שוואַך אין צאָל? דאָס זיינען קליינקייטן. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל פראַנקרייך פון 1780טן יאָר און רוסלאַנד פון 1900טן יאָר. די באַוואוסטזיניקע און אַנטשלאָסענע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען אין ערשטן פאַל געוועזן די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע — פון דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס פון יענער עפּאָכע — און אין צווייטן פאַל די פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערן קלאַס פון דער איצטיקער צייט — פון פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן זיינען אין צאָל געוועזן אויסערגעוויינטלעך שוואַך. דאָס זיינען געוועזן בלויז איינ־

---

*) לענין, „עטלעכע טעזיסן", באַנד 18, זייט 313.

צעלנע, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ צען־טויזנטל, אָדער אַפילו אַ הונדערט־טויזנטל פון זייער קלאַס. און אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָבן די זעלביקע איינצעלנע, כלומרשט אַזאַ נישטיקע מינדערהייט, אַוועקגעפירט נאָך זיך מאַסן, מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען מענטשן. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס די דאָזיקע מינדערהייט האָט פאַרטראָטן דיווירקלעכע אינטערעסן פון די מאַסן, דערפאַר וואָס זי האָט געגלויבט אין דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע, דערפאַר וואָס זי איז געווען גרייט אומדערמידלעך זי צו דינען.״*)

צוויי יאָר נאָכדעם ווי לענין האָט פאַרעפנטלעכט זיינע „עטלעכע טעזיסן", איז ער געווען דער פירער פון די צענדליקער מיליאָניקע מאַסן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און איז היינט דער אָנערקענטער פירער פון די קלאַסנבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער און אונטערדריקטע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט. ווען לענין האָט באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן פאַנאַנדערצואַרבעטן די פראַגע וועגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, האָט ער, נאַטירלעך, ניט פאַרגעסן וועגן „אימפּעריאַליסטישן פרידן". ער האָט ניט אויפגעהערט צו באַווייזן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, אַז אַ פרידן, וואָס וועט געשלאָסן ווערן צווישן די אימפּעריאַליסטן, וועט אומפאַרמיידלעך טראָגן אין זיך די קערנדלעך פון צוקונפטיקע מלחמות. מיר האָבן שוין אויך אָנגעוויזן אַף דעם תוך פון דער „פרידנס־פּראָגראַם", וואָס לענין האָט אַרויסגערוקט אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. די אַגיטאַציע פאַר דער פרידנס־פּראָגראַם פון די באָלשעוויקעס האָט געשפּילט אַ ריזיקע ראָל אין דעם פּעריאָד צווישן דער פעברואַר־רעוואָלוציע און דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ווען דער אַרבעטער־קלאַס האָט דעם 7טן נאָוועמבער (25טן אָקטאָבער, אַלטן סטיל) איבערגענומען די מאַכט, איז די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי צוגעטראָטן דורכצופירן די דאָזיקע פּראָגראַם. איינער פון די ערשטע אַקטן פון דער זיגרייכער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווי באַוואוסט, איז געווען דער דעקרעט וועגן פרידן, אַ פרידנס־דעקרעט, וואָס האָט, פאַרשטענדלעך, געהאַט ניט קיין סאָציאַל־פּאַציפיסטישן, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערן לענינישן אינהאַלט. דער דאָזיקער דעקרעט, וואָס לענין האָט געשריבן, לויטעט:

„די אַרבעטער און פּויערים רעגירונג, וואָס איז געשאַפן גע־

---

*) „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָלוציאַ", נומער 7, 1929.

וואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון 24־25 אָקטאָבער, וואָס שפּאַרט זיך אָן אַף די סאָוועטן פון אַרבעטער, סאָלדאַטן און פּויערים דעפּוטאַטן, שלאָגט פאָר אַלע קעמפנדיקע פעלקער און זייערע רעגירונגען אָנצו־הויבן באַלד פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ גערעכטן, דעמאָקראַטישן פרידן.

„אַ גערעכטער, אָדער דעמאָקראַטישער פרידן, וואָס עס דורשט די איבערוועגנדיקע מערהייט אויסגעמאַטערטע דורך דער מלחמה אַרבעטער און אַרבעטנדיקע קלאַסן פון אַלע קעמפנדיקע לענדער—אַ פרידן, וואָס עס האָבן געפאָדערט אַף אַן אַנטשיידנדיקן אופן די רוסישע אַרבעטער און פּויערים נאָך דער אומוואַרפונג פון דער צאַ־רישער מאָנאַרכיע — אַזאַ פרידן, האַלט די רעגירונג, איז אַ באַל־דיקער פרידן אָן אַנעקסירונגען (ד. ה. אָן פאַרכאַפּן פרעמדע ערד, אָן אַ געצוואונגענער אָנשליסונג פון פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן) און אָן קאָנטריבוציעס.״ *)

ווי מיר האָבן געזען, האָט לענין נאָך אין 1915 פאָראויסגעזאָגט, אַז די מלחמה־רעגירונגען פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד (און אין 1917, שוין אויך אַמעריקע) וועלן אַזאַ אמת־דעמאָקראַטישן פרידן ניט אָננעמען. אַזוי האָט דאָס טאַקע פּאַסירט. קיין איינציקע פון די פירנדיקע מלחמה־לענדער האָט ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון דער סאָוועטן־רעגירונג. בלויז מיט דייטשלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן פרידנס־פאַרהאַנדלונגען, אין וועלכע גענעראַל האָפמאַן האָט אַ זעץ געטאָן מיטן קולאַק איבערן טיש און געוואָלט צווינגען די סאָוועטן־רעפּובליק אונטערצושרייבן אַ פרידן אַף שווערע אַנעקסיסטישע באַדינגונגען.

לענין און די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָבן געדאַרפט לייזן אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען אין פאַרבינדונג מיט דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה.

## ברעסט־ליטאָווסק

וועגן לענינס טאַקטיק אין ברעסט־ליטאָווסק זיינען אָנגעשריבן בענד גאַנצע. אָבער דער ברייטער עולם הויבט שוין אָן צו פאַרגעסן יענע באַ־רימטע דיסקוסיע; אונזער יוגנט איז אינגאַנצן ניט באַקאַנט, אָדער גאַנץ ווייניק באַקאַנט, מיט דער דאָזיקער דיסקוסיע. ס'איז דעריבער ניט איבע־ריק איבערצוגעבן דאָ דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פון דער דיסקוסיע, וואָס

*) לענין, באַנד 22, זייט 13.

האָט געפּלאַקערט אַרום ברעסט־ליטאָווסק, ספּעציעל ווען די דאָזיקע דיס־קוסיע העלפט אונז אויפקלערן זייער אַ סך וועגן דער טאַקטיק פון פּראָלע־טאַריאַט, וואָס האָט די מאַכט אין זיינע הענט, אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

ווי באַוואוסט, האָט טראָצקי, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פאָר־טרעטער פון דער סאָוועטן־רעגירונג אויף די פרידנס־פאַרהאַנדלונגען אין ברעסט־ליטאָווסק, זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן אַ פרידנס־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד, אויף די באַדינגונגען, וואָס ווילהעלמ'ס רעגירונג האָט אַרויס־געשטעלט, ניט געקוקט אויף אַ געוויסער פאַרשטענדניס, וואָס ער האָט געהאַט מיט לענינען. ער האָט פּשוט „דערקלערט די מלחמה געענדיקט". מיט זיין געוויינטלעכן זשעסט, האָט ער דערקלערט: „בעסער שטאַרבן פון בויגן פון דייטשן אימפּעריאַליזם, איידער אונטער די קלעפּ פון די גאָלד־ספּעקולאַנטן."

אָבער פאַר לענינען איז די פראַגע וועגן דעם זיג פון פּראָלעטאַריאַט און וועגן זיין טאַקטיק, ווען בא דער מאַכט, ניט געווען קיין פראַגע פון אַ געפליגלטער רעוואָלוציאָנערער פראַזע, פון אַ זשעסט. ער האָט געשטעלט די פראַגע: מעג מען אָפּטרעטן אין שטח, כדי צו געווינען אין צייט? און ער האָט געענטפערט: ניט נאָר מעג מען, נאָר מען דאַרף. לענין פאַרטיידיקט די טאַקטיק פון אונטערשרייבן דעם ברעסט־ליטאָווסקער אָפּ־מאַך, אַנטוויקלענדיק די טעאָריע וועגן „איבערכאַפּן דעם אָטעם".

אין וואָס איז באַשטאַנען דער טעות, וואָס אַ צאָל אַלטע באָלשע־וויקעס האָבן געמאַכט צו יענער צייט, שוין אָפּגערעדט פון טראָצקי'ן?

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אָנגעוויזן, אַז פּראָלעטאַרישע מלחמות קאָנען טראָגן אַ כאַראַקטער אָדער פון בירגער־קריג, אָדער פון רעוואָלוציאָנערע מלחמות. דער אונטערשייד צווישן די צוויי האָט ניט נאָר אַ מיליטעריש־טעכנישן, נאָר אויך אַ פּאָליטישן באַדייט. די צווייטע איז אַ סך אַ העכערע פאָרם פון אַ פּראָלעטאַרישער מלחמה, ווי דער בירגער־קריג, ווען דער אַרבעטער־קלאַס קעמפט נאָך פאַר מאַכט; פּונקט ווי דער בירגער־קריג איז אַ העכערע פאָרם פון קלאַסן־קאַמף, ווי דער טאָג־טעגלעכער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס אונטערן קאַפּיטאַליזם.

נו, האָבן אַ צאָל באָלשעוויקעס געפרעגט: איז איצט ניט געקומען די צייט איבערצוגיין פון אַ בירגער־קריג קעגן דער רוסישער בורזשואַזיע צו אַ פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערער מלחמה קעגן דער דייטשער בורזשו־

אזיע? זיי זיינען באשטאנען אף דעם, אז מען זאָל דעם ברעסט־ליטאָוו־סקער פרידן ניט אונטערשרייבן, טרוימענדיק וועגן דער מעגלעכקייט פון א רעוואָלוציאָנערער מלחמה. א צאָל פון אָט־די „לינקע קאָמוניסטן" האָבן געבראַכט אן אבסטראַקטע אנאַלאָגיע מיט דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע. צי דען האָט פראנקרייך, אין 1792, ניט געקוקט אף דעם, וואָס זי איז געווען ניט ווייניקער שוואך ווי רוסלאנד אין 1918, ניט גע־פירט מיט ענטוזיאזם רעוואָלוציאָנערע מלחמות, און האָט זי סוף כל סוף ניט געזיגט?

אף דעם ענטפערט לענין מיט אן אנאַליז פון די עקאָנאָמישע באַ־דינגונגען אין פראנקרייך, אין דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע און אין סאָוועטן־רוסלאנד באלד נאך דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע:

„אין דער פראנקרייך פון סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָט זיך פון אָנהויב געשאפן דער עקאָנאָמישער פונדאמענט פון א נייער, א העכערער פאָרם פון פּראָדוקציע, און שוין אלס רעזולטאט, איז דער איבערגעבוי געווען א מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע ארמיי. פראנק־רייך האָט פריער ווי אנדערע לענדער ארונטערגעוואָרפן דעם פעאָ־דאליזם, האָט אים אָפּגעווישט נאך עטלעכע יאָר פון זיגרייכער רעוואָלוציע, האָט געפירט דאס פאָלק, וואָס איז ניט געווען אויס־געמאַטערט פון מלחמה, וואָס האָט אויסגעקעמפט פרייהייט און ערד, וואָס איז פארשטארקט געוואָרן דורך באזייטיקן דעם פעאָ־דאליזם, אין א מלחמה קעגן א גאנצער ריי עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אָפּגעשטאנענע פעלקער.

„שטעלט אנטקעגן דעם דאָזיקן פאקט די איצטיקע רוסלאנד. אן אויסערגעווייטלעכע אויסגעמאַטערטקייט פון מלחמה. א נייע עקאָנאָמישע אָרדענונג, א העכערע ווי דער אָרגאניזירטער מלוכה־קאפּיטאליזם פון דער טעכניש גוט־אויסגעשטאטער דייטשלאנד, איז נאך ניטאָ."*)

דער לאָזונג פון א רעוואָלוציאָנערער מלחמה, ווען די ארמיי האָט זיך געהאלטן אין פאנאנדערלויפן, האָט ניט געהאט קיין שום זינען, איז געווען בלויז א שיינע פראזע, און לענין איז געווען דער גרעסטער שונא פון פוסטע פראזן:

---

*) לענין, „וועגן דער רעוואָלוציאָנערער פראזע", באנד 22, זייט 263.

„אָפּזאָגן זיך אונטערשרייבן דעם העסלעכסטן פרידן, ווען דו האָסט ניט קיין ארמיי, איז אַוואַנטורע, פאַר וועלכער דאָס פאָלק וועט האָבן אַ רעכט צו פאַרדאַמען די מאַכט, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט.״ *)

לענין לאָזט קיינמאָל ניט אַרויס פון אויג דעם תוך פון מלחמה, וואָס איז אַ פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון אַ געגעבענעם קלאַס. אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערע מלחמה, ווי מלחמה בכלל, איז ניט קיין הייליקייט, ניט קיין וואונדער, זי איז בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן אַ צוועק. וואָס־זשע איז צו יענער צייט געווען דער הויפּט־ציל פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט? און ער ענטפערט:

„אַן אמת׳ע רעוואָלוציאָנערע מלחמה אין דעם איצטיקן מאָמענט וואָלט געווען אַ מלחמה פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק קעגן די בורזשואַזע לענדער מיטן קלאָר־אויסגעדריקטן ציל, וואָס איז אינגאַנצן גוטגעהייסן מצד דער סאָציאַליסטישער ארמיי, ארונטערצואווארפן די בורזשואַזיע אין די אַנדערע לענדער. אָבער דעם דאָזיקן ציל אין דעם איצטיקן מאָמענט, איז קלאָר, אַז מיר קאָנען זיך נאָך ניט שטעלן.״ **)

דער ציל פון דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט אין יענעם מאָמענט איז דעריבער הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען אין פאַרטיידיקן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, אין אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרטיידיקונג פון לאַנד. פאַר אָט־דעם ציל האָבן געדאַרפט אָנגעווענדט ווערן אַלע מיטלען, אין נאָמען פון דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיידיקונג האָט מען געמוזט אונטערשרייבן פרידן און ניט „רופן״ אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה אָן אַן ארמיי.

„איצט שרייבן מיר אונטער דעם פרידן אין נאָמען פון איבערכאַפּן דעם אָטעם, מיר באַנוצן זיך מיט אים פאַר דער פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד בעסער ווי מיט אַ מלחמה.״

לענין האָט ניט אויפגעהערט צו אונטערשטרייכן, אַז אונטערשרייבן דעם ברעסט־ליטאָווסקער פרידן, כדי צו פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע, דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד, קאָן ניט זיין קיין „פאַרראַט פון דער רעוואָלוציע״, און אַז „מיר האָבן אַ פולע רעכט צו דערוואַרטן הילף פון אונזער

---

*) לענין, „וועגן דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע״, באַנד 22, זייט 303.
**) לענין, „טעזיסן וועגן פרידן״, באַנד 22, זייט 198.

שותף, דעם פראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער, וועלכער קאָן ניט ניט־פאַרשטיין, אַז מיר זיינען איצט געוואָרן פאַרטיידיקער („אָבאָראָנצי״), נאָר פאַרטיידיקער, וואָס באַשיצן די פּאָזיציעס פון סאָציאַליזם.״

מען האָט אָבער לענינען אויפגעוואָרפן, אַז ער ברעכט זיינע אייגענע הבטחות צום אַרבעטער־קלאַס. אויף דעם ענטפערט לענין:

„מען זאָגט, אַז מיר האָבן דירעקט „צוגעזאָגט״ אין אַ ריי פאַרטיי־דערקלערונגען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה, און אַז שליסן אַ סעפּאַראַטן פרידן וועט זיין אַ פאַרראַט פון אונזער וואָרט.

„דאָס איז ניט ריכטיק. מיר האָבן גערעדט וועגן דער נויטיקייט „צוצוגרייטן און פירן״ אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעגירונג אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. מיר האָבן דאָס געזאָגט, כדי צו קעמפן מיטן אַבסטראַקטן פּאַציפיזם, מיט דער טעאָריע פון דער פולשטענדיקער אָפּלייקענונג פון דער „פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד״ אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, אָבער מיר האָבן אויף זיך ניט גענומען די פאַרפליכטונג אָנצוהויבן די רעוואָלוציאָנערע מלחמה, ניט אויסרעכענענדיק, אויף וויפיל מיר וועלן זי קאָנען פירן אין איינעם, אָדער אַ צווייטן מאָמענט.

„אויך איצט דאַרפן מיר אומבאַדינגט גרייטן אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה.״ *)

און ער באַווייזט ווי אַזוי מען דאַרף זיך גרייטן:

„אונזער לאָזונג איז איינער: לערנען זיך די מיליטערישע קונסט, דיסציפּלינירן זיך, ווירקלעך איינפירן אָרדענונג אויף די אייזנבאַנען. אָן אייזנבאַנען איז אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה — דער שענדלעכסטער פאַרראַט. ס׳איז נויטיק צו שאַפן אָרדענונג, און מען דאַרף שאַפן יענע גאַנצע ענערגיע און יענע גאַנצע קראַפט, וואָס דאָס בעסטע וואָס איז פאַראַן אין דער רעוואָלוציע, וועט שאַפן.״ **)

ניט מיט פראַזן קאָן מען פירן אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה. „די געשיכטע״, האָט לענין געזאָגט, „וועט באַשליסן ווער עס איז גערעכט.״

די געשיכטע האָט אויף אַן אַנטשיידנדיקן אופן באַשלאָסן, אַז לענין איז געווען גערעכט. אָבער די דיסקוסיע אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט

*) לענין, „טעזיסן וועגן אַ סעפּעראַטן פרידן״, באַנד 22, זייט 196.
**) לענין, „רעדע אויפן 17טן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר״, באַנד 22, זייט 330.

מער ווי אַ „היסטאָרישן באַדייט" פֿאַר דער איצטיקער צייט. זי אַנטהאַלט פֿאַר אונז די וויכטיקסטע טעאָרעטישע אָנווייזונגען אין די פֿראַגן וועגן דער פּראָלעטאַרישער פֿאַרטיידיקונג פֿון פֿאָטערלאַנד און וועגן אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער מלחמה.

לאָמיר דאָ אָנווייזן אַף אַ פּאָר פֿון די וויכטיקסטע לעקציעס פֿון דער דיסקוסיע איבער ברעסט־ליטאָווסק.

ערשטנס, אַז מען דאַרף האָבן אַן ערנסטע באַציאונג צו דער פֿראַגע וועגן פּראָלעטאַרישער פֿאַרטיידיקונג פֿון לאַנד און וואָס עס מיינט אַן ערנסטע באַציאונג. די „לינקע באָלשעוויקעס" און די טראָצקיסטן האָבן נאַטירלעך פֿאַרשטאַנען, אַז ווען די אַרבעטער וועלן האָבן די מאַכט, וועלן זיי פֿאַרטיידיקן זייער פֿאָטערלאַנד אין דער צייט פֿון אַ מלחמה. וואָס זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען איז, אַז

„ערנסט באַציען זיך צו דער פֿאַרטיידיקונג פֿון לאַנד — דאָס מיינט גרינטלעך זיך גרייטן און שטרענג אויסרעכענען די כחות־פֿאַרהעלטניסן.

„אָבער באַ די „לינקע קאָמוניסטן" איז ניטאָ קיין אָנמערק, אַז זיי זאָלן פֿאַרשטיין דעם באַדייט פֿון דער פֿראַגע וועגן כחות־פֿאַרהעלטניסן.

„ווען מיר זיינען געווען פּרינציפּיעלע שונאים פֿון פֿאַרטיידיקונג, האָבן מיר געהאַט אַ רעכט אויסצולאַכן דעם, וואָס האָט געוואָלט „איינהיטן" דאָס פֿאָטערלאַנד, כלומרשט אין די אינטערעסן פֿון סאָציאַליזם. ווען מיר האָבן באַקומען אַ רעכט צו זיין פּראָלעטאַרישע פֿאַרטיידיקער — ענדערט זיך אין וואָרצל דאָס גאַנצע אָוועקשטעלן פֿון דער פֿראַגע. אונזער פֿליכט ווערט אַפֿן פֿאָרזיכטיקסטן אופֿן אויסרעכענען די כחות, צום גענויסטן אָפּמעסטן, צי וועט באַוויזן אונטערצוקומען אונזער פֿאַרבינדעטער (דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט). דער אינטערעס פֿון קאַפּיטאַל — צעברעכן דעם שונא (דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט) אַף טיילן, איידער די אַרבעטער פֿון אַלע לענדער האָבן זיך פֿאַראייניקט (אין דער ווירקלעכקייט, ד. ה. האָבן אָנגעהויבן די רעוואָלוציע). אונזער אינטערעס — טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך, אויסנוצן יעדן קלענסטן שאַנס אָפּצוציען די אַנטשיידנדיקע שלאַכט ביזן מאָמענט (אָדער ביז דעם „לעצטן מאָמענט") פֿון אַזאַ פֿאַראייניקונג פֿון די

רעוואָלוציאָנערע אָטריאַדן פון איין גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער אַרמיי.״ *)

לענין האָט דאָ אַוועקגעלייגט די הויפּט־ליניע פאַר דער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

צווייטנס, האָט די דאָזיקע דיסקוסיע אָפּגעשפּיגלט, ווי „די זון אין א טראָפּן וואַסער״, די וויכטיקסטע ווידערשפּרוכן צווישן לעניניזם און טראָצקיזם אין די גרונט־פּראַגן פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

איז די רוסישע רעוואָלוציע נאָר אַ „סיגנאַל פאַר דער אייראָפּייאישער רעוואָלוציע״, אָדער איז זי אַ זעלבסטשטענדיקער כח, וואָס פאַרווירקלעכט סאָציאַליזם און דינט דעם אייראָפּייאישן פּראָלעטאַריאַט אַלס שטיין־פּונקט און פירער?

נאָך אין 1915, האָט טראָצקי באַקעמפּט לענינס טעזיס, אַז דער סאָציאַליזם קאָן זיגן אין איין לאַנד. „ס׳איז האָפענונגסלאָז צו דענקען״— האָט טראָצקי דעמאָלט געשריבן אין „נאַשע סלאָוואָ״ — „און דאָס באַווייזט סיי די דערפאַרונג פון געשיכטע, סיי טעאָרעטישע הנחות, אַז, צום ביישפּיל, אַ רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד וואָלט זיך געקאָנט איינהאַלטן אַנטקעגן אַ קאָנסערוואַטיווער אייראָפּע.״

די זעלביקע האָפענונגסלאָזיקייט בנוגע דעם ווייטערדיקן גורל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין איין לאַנד איז געווען די סיבה פון טראָצקי׳ס פּאָזיציע אין ברעסט־ליטאָווסק.

אָבער וואָס איז געווען לענינ׳ס שטעלונג? לענין האָט דערקלערט:

„די רעאָרגאַניזירונג פון רוסלאַנד אַף דער באַזע פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אַף דער באַזע פון דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק און פון דער גרויס־אינדוסטריע, בא אַ נאַטוראַלן פּראָדוקט־אויסטויש מיט די דאָרפישע קאָנסום־געזעלשאַפטן פון די קליינע פּויערים, איז עקאָנאָמיש אינגאַנצן מעגלעך, בא די באַדינגונגען פון פאַרזיכערן עטלעכע חדשים פרידלעכער אַרבעט. און אַזא רעאָרגאַניזאַציע וועט מאַכן דעם סאָציאַליזם אומבאַזיגבאַר סיי אין רוסלאַנד, סיי אין דער גאַנצער וועלט, באַשאַפנדיק צוזאַמען מיט

---

*) לענין, „וועגן „לינקער״ קינדעריי און קליינבירגערלעכקייט״, באַנד 22, זייט 511.

דעם אַ פעסטע עקאָנאָמישע באַזע פאַר אַ מעכטיקער רויטער אַרמיי פון אַרבעטער און פויערים.״ *)

לענין רעדט וועגן „פאַרזיכערן עטלעכע חדשים פרידלעכער אַרבעט״. לענין איז ניט סתם אַן אָפּטימיסט און אַוואַדע ניט קיין פראַזן־שיסער, ווי טראָצקי. ער ווייס די געפאַר פון אַן אימפּעריאַליסטישער אַטאַקע אויף סאָוועטן־פאַרבאַנד, כל זמן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט ניט גע־זיגט אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ער האָט ניט איינמאָל אָנ־געוויזן אויף דעם. אָבער לענין רעדט קלאָר וועגן דעם, אַז עטלעכע חדשים וועלן געבן דער סאָוועטן־רעגירונג אַ מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן די ווירט־שאַפט און צוזאַמען מיט דעם די רויטע אַרמיי און דעמאָלט זיין אומ־באַזיגבאַר.

מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1919, שרייבט לענין ווידעראַמאָל וועגן דער פראַגע פון דער מעגלעכקייט צו בויען סאָציאַליזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד:

„וויפיל עס זאָלן ניט זאָגן ליגן, ווי עס זאָלן ניט פאַרלוימדן די בורזשויען פון אַלע לענדער און זייערע דירעקטע און באַהאַלטענע אַרויסהעלפער (די „סאָציאַליסטן״ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל), בלייבט אויסער צווייפל: פון שטאַנדפּונקט פון אַ פונדאַמענטאַלער עקאָנאָמישער פּראָבלעם איז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט בא אונז אַ פאַרזיכערטער זיג, אַ זיג פון קאָמוניזם איבערן קאַפּיטאַליזם. די בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט איז טאַקע דעריבער אויפ־געררייצט, ווילדעוועט קעגן באָלשעוויזם, אָרגאַניזירט מיליטערישע איבערפאַלן, פאַרשווערונגען, א. אַז. וו. קעגן די באָלשעוויקעס, מחמת זי פאַרשטייט אויסגעצייכנט די אומפאַרמיידלעכקייט פון אונזער זיג אין איבערבויען די געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפט, אויב זי וועט אונז ניט דערוועגן דורך מיליטערישער מאַכט. און דער־ווערגן אונז אויף אַזאַ אופן וועט זיך איר ניט איינגעבן.״ **)

דאָס האָט לענין געשריבן אין 1919. ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף זיין טעזיס, אַז ס'איז מעגלעך אויפצובויען סאָציאַליזם אין סאָוועטן־

*) לענין, „טעזיסן וועגן פרידן״, באַנד 22, זייט 198.

**) לענין, „עקאָנאָמיק און פּאָליטיק אין דער עפּאָכע פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״, באַנד 24, זייט 510.

פאַרבאַנד. פון דעם נעמט זיך עס זיין גרויסע זיכערקייט, אַז דער בורזשו־אַזיע „וועט זיך ניט איינגעבן אונז צו דערוועקן״.

זאָל דאָס געדענקען יעדער אַרבעטער, ווען די טראָצקיסטן קומען נאָך היינט, אין צווייטן יאָר פון צווייטן פינף־יאָר פּלאַן, דולן אַ קאָפּ מיט דער פראַגע וועגן „בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד״. און דערביי האָבן זיי נאָך די חוצפה זיך צו רופן „קאָמוניסטן־לענינצעס״. די לצים און פאַררעטער!

## די רויטע אַרמיי

מיר האָבן געזען, אַז נאָך דער אָרגאַניזירונג פון דער ווירטשאַפט, האָט לענין אַלס הויפּט־אויפגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע געשטעלט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די רויטע אַרמיי. און דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע.

די אַלטע אַרמיי איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן. די פויערשע מאַסן האָבן געשטרעבט וואָס גיכער זיך אומצוקערן צו זייערע היימען; די פּראָלעטאַרישע מאַסן האָבן געפילט אַן עקל צו מלחמה, אויסגעמאַטערטע פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. ווי אַזוי בויען אַן אַרמיי, אונטער אַזעלכע באַדינגונגען? דער דעקרעט פון סאָוועט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן, וואָס האָט געשאַפן די אַרבעטער־פויערים רויטע אַרמיי, האָט געקאָנט פון אָנהויב בויען נאָר אויף עטלעכע באָלשעוויסטישע פּאָלקן און אויף די רויטע גוואַרדייער. פאַר דער פּאַרטיי איז געשטאַנען די פראַגע: וועט דער דעקרעט פון סאָווינאַרקאָם (סאָוועט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן) געפינען אַן אָפּקלאַנג בײַ די מאַסן? לענין האָט ניט געצווייפלט אין דעם קלאַסנ־באַוואוסטזיין און אין כחות פון די פיל־מיליאָניקע מאַסן, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון יאָך פון יאָרהונדערטער. ריידנדיק וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער רויטער אַרמיי, אויפן דריטן אַלרוסלענדישע צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן, דעם 11טן יאַנואַר 1918, האָט לענין דערקלערט:

„צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אַלוועלטלעכן קאַמף, זיינען אין דער אַרמיי אַריינגעטראָטן עלעמענטן, וואָס טראָגן מיט זיך ניט קיין קאַזיאָנע טיטולן, נאָר וואָס ווערן געפירט פון דער אידייע פון קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די עקספּלואַטירטע. און ווען אונזער אָנגעהויבענע אַרבעט וועט זיין געענדיקט, וועט די רוסלענדישע סאָוועטן־רעפּובליק זיין אומבאַזיגבאַר.״ *)

---

*) לענין, באַנד 22, זייט 212.

ס'האָט אָבער גענומען אַ לענגערע צייט די דאָזיקע אַרבעט צו פאַר־ענדיקן. „שטיינדעלע אַף שטיינדעלע", ווי לענין האָט זיך אויסגעדריקט, האָט דער אַרבעטער־קלאַס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד געבויט זיין רויטע אַרמיי, די איצטיקע מעכטיקע פעסטונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיק־טאַטור.

נאָכדעם ווי עס איז געשלאָסן געוואָרן דער ברעסט־ליטאָווסקער פרידן, איז דער יונגער רויטער אַרמיי אויסגעקומען פריער פון אַלץ צו קעמפן קעגן דער קאָנטר־רעוואָלוציע אין לאַנד, קעגן קאַלעדינען, קעגן דער אוקראַינישער ראַדע, קעגן קאָרנילאָוון, קעגן דעם אויפשטאַנד פון טשעכישן קאָרפּוס אַף דער וואָלגע. שוין דעמאָלט איז די רוסישע קאָנטר־רעוואָלוציע געווען געשטיצט און אָרגאַניזירט פון דער אויסלענדישער בורזשואַזיע. אונטערן שוץ פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין אוקראַינע איז געגרינדעט געוואָרן די ווייסע אַרמיי פון העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי און אין דער דאָן־געגנט די אַרמיי פון גענעראַל קאָרנילאָוו; אַף קאַווקאַז און אין קובאַנער געגנט האָט דייטשלאַנד געהאָלפן שאַפן די אַרמיי פון דעניקינען.

די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אין 1918, האָט געמאַכט אַן ענדערונג אין דער לאַגע פון דעם בירגער־קריג אין רוסלאַנד. די דייטשע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן פון אוקראַינע. אוקראַינע האָט אַרויסגעטריבן סקאָראָ־פּאַדסקין און די רויטע אַרמיי האָט זיך אַ רוק געטאָן פאָראויס. אָבער אין דער זעלביקער צייט איז אויסגעוואַקסן די געפאַר פון אינטערווענץ מצד די זיגרייכע עליים. לענין האָט עס פאָראויסגעזעען. אַפן זעקסטן אַל־רוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן, דעם 8טן נאָוועמבער 1918, ווען דאָס לאַנד האָט געפייערט דעם ערשטן יובילײ פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט לענין דערקלערט:

„מיר האָבן איבערגעלעבט אַ יאָר און דערגרייכט אַ דערפאָלג, אָבער דאָס איז ווייניק אין פאַרגלייך מיט דעם מעכטיקן שונא, וואָס גייט אַף אונז. דער דאָזיקער שונא איז דער אַלוועלטלעכער, ענגליש־פראַנצויזישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט באַזיגט די גאַנצע וועלט. מיר גייען אין קאַמף מיט אים ניט דערפאַר, וואָס מיר רעכענען אין פּאָליטישן און טעכנישן הינזיכטן זיך פאַרגלייכן מיט די פאָרגעשריטענע לענדער פון אייראָפּע. ניין, נאָר מיר ווייסן, אַז דער דאָזיקער שונא גייט אַפן זעלביקן פלאַך, צו וועלכן עס איז געקומען דער ענגליש־פראַנצויזישער אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט

איצט ארומגעוויקלט טערקיי, פארכאפט בולגאריע און איז באַ־שעפטיקט מיט אָקופּירן גאַנץ עסטרייך־אונגארן, כדי אויפצושטעלן די צאַרישע זשאַנדאַרמישע אָרדענונג. מיר ווייסן, אַז ער גייט צום אונטערגאַנג. מיר ווייסן, אַ דאָס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, און אָט פאַרוואָס. ניט שטעלנדיק זיך קיין צוועקן, וואָס זיינען ניט דערגרייכבאַר, זאָגן מיר: דעם ענגליש־פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם קאָנען מיר געבן אַ ווידערשטאַנד!

„יעדער טריט פון דער פאַרשטאַרקונג פון דער רויטער אַרמיי וועט האָבן לאָס אָפּקלאַנג צען טריט פון פאַנאַנדערלייגונג און פון רעוואָלוציעס באַם קעגנער, וואָס שיינט צו זיין אַזוי שטאַרק. דעריבער איז ניטאָ דער קלענסטער גרונט זיך איבערצוגעבן פּראַ־צווייפלונג, אָדער פעסימיזם. מיר ווייסן, אַז די געפאַר איז גרויס. קאָן זיין, דער גורל גרייט פאַר אונז נאָך גרעסערע קרבנות. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז זיי קאָנען דערשטיקן איין לאַנד, אָבער זיי וועלן קיינמאָל ניט דערשטיקן די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, זיי וועלן זי נאָך מער אָנצינדן, און אַלע וועלן זיי אין איר אונטערגיין.“ *)

וויפיל גלויבן אין אַרבעטער־קלאַס עס קלינגט אין די דאָזיקע ווערטער!

מיר ווייסן, אַז דער שונא איז אָנגעקומען פון אַלע זייטן. דער פראַנ־צויזישער אימפּעריאַליזם האָט אַריינגעשיקט אַן אַרמיי אין אָדעס, די גריכן — אין כערסאָן, די ענגלישע אימפּעריאַליסטן האָבן פאַרנומען אַרכאַנגעלסק, די אַמעריקאַנער — מורמאַנסק. מיט דער הילף פון די ענג־לישע, פראַנצויזישע און אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן האָט קאָלטשאַק געהאַלטן סיביר אין זיינע נעגל. אין וויטן מזרח האָבן זיך געפונען יאַפּאַנעזישע און אַמעריקאַנישע אַרמייען.

אָבער אין דער זעלביקער צייט איז געוואַקסן די קאַמפס־קראַפט פון דער רויטער אַרמיי. און די וועלט־בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך פון אָנהויב אויסגעלאַכט פון דעם פאַרזוך פון די באָלשעוויקעס צו שאַפן אַ רעוואָ־לוציאָנערע אַרמיי, האָט אינגיכן מיט אַ שווידער געמוזט צוגעבן, אַז די דאָזיקע אַרמיי איז קאַמפּספייאיק. די רויטע אַרמיי האָט פאַריאָגט די

*) לענין, „וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע“, באַנד 23, ז. 271־272.

פּראָנצוויזן און גריכן אין שווארצן ים אריין און האָט דערגרייכט די גרענעצן פון גאַליציע אין א פארזוך צו העלפן סאָוועטן־אונגארן און ארויס־טרייבן די רומענישע פּריצים פון בעסאראַביע. די וועלט־אימפּעריאַליסטן האָבן אָבער אריינגעוואָרפן א סך געלט און כחות צו אָרגאַניזירן די קאָל־טשאַקישע, דעניקינישע און יודעניטשישע קאָנטער־רעוואָלוציע. די רויטע ארמיי איז געווען געצוואונגען צו קעמפן אַף א האַלבן טוצן פונקטן מיט־אמאָל. דאָס איז געווען די סאַמע שווערסטע צייט אין דעם בירגער־קריג. וועגן העלפן סאָוועטן־אונגארן האָט, דעריבער, קיין רייד מער ניט גע־קאָנט זיין.

אין אָט דער שווערער צייט איז לענין געווען ניט נאָר דער פּאָליטישער נאָר אויך דער מיליטערישער פירער, די נשמה פון דער פאַרטיידיקונג און דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה. ער מאָביליזירט אַלע עקאָנאָמישע רעסורסן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד, ער פירט אָן מיט דער באַזאָרגונג פון דער ארמיי, ער שרייבט אויפרופן צו די ארבעטער און רויטע ארמייער, ער באַגייסטערט מיט זיין הייסן גלויבן אין די כחות פון דער רעוואָלוציע.

„דער זיג וועט זיין מיט אונז" — האָט ער געשריבן אין זיין אויפרוף צו די פּעטראָגראַדער ארבעטער, רופנדיק זיי צו פאַרטיידיקן יעדן טראָט ערד פון רויטן פּעטראָגראַד. און דער זיג איז געווען מיט די סאָוועטישע ארבעטער־ארמייען, וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער ארבעטער און פּויערים רעגירונג, פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פאַרן סאָציאַ־ליזם. זיי האָבן צעשמעטערט יודעניטשן, פאַריאָגט דעניקינען, באַזיגט קאָלטשאַקן און פאַרניכטעט וורانגלען. זיי האָבן באַוויזן במעט מיט הוילע הענט צו פאַרטרייבן דעם מעכטיקן אויסלענדישן אימפּעריאַליסטישן שונא און פאַרניכטן די קאָנטער־רעוואָלוציע, ווייל, האָט לענין געזאָגט:

„... אויב די דאָזיקע מלחמה ווערט געפירט מיט א געהעכער־טער ענערגיע, מיט א געהעכערטער העלדישקייט, איז דאָס בלויז דערפאַר, וואָס צום ערשטן מאָל אין דער וועלט איז געשאַפן גע־וואָרן אַן ארמיי, א באַוואָפנטער כח, וואָס ווייס פאַרוואָס זי קעמפט, און צום ערשטן מאָל אין דער וועלט אָנערקענען קלאָר די ארבעטער און פּויערים, וואָס ברענגען אומגעהויערע שווערע קרבנות, אַז זיי פאַרטיידיקן א סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק, די מאַכט

**פון די ארבעטנדיקע איבער די קאפיטאליסטן, פארטיידיקן די זאך**
פון דער אלוועלטלעכער סאציאליסטישער רעוואָלוציע.״*)
די „סאציאליסטישע״ לאקייען פון דער בורזשואזיע האָבן אויפ־געהויבן א געשריי: „רויטער מיליטאריזם״, א „פארברעך קעגן סאָציא־ליזם״ — דערפאר וואָס דער סאָוועטישער פראָלעטאריאט האָט געשאפן א מעכטיקן וואפן זיך צו פארטיידיקן קעגן די דראָענדיקע קאפיטאליסטישע אטאקעס. לענין האָט אף דעם געענטפערט:

„ס'זיינען פאראן נארישע מענטשן, וועלכע שרייען וועגן רויטן מיליטאריזם; דאָס זיינען פאָליטישע זשוליקעס, וועלכע מאכן אַן אָנשטעל, אז זיי גלויבן כלומרשט אין דער דאָזיקער נארישקייט, און ווארפן זיך מיט ענלעכע באשולדיקונגען רעכטס און לינקס, באַ־נוצנדיק זיך פאר דעם מיט זייער לאָיערשער קענטנים אויסצוטראכטן געפעלשטע ארגומענטן און שיטן זאמד אין די אויגן די מאסן. די מענשעוויקעס און עס־ערן שרייען: „זעט, אנשטאָט סאָציאליזם גיט מען אייך רויטן מיליטאריזם.״

„באמת א שרעקלעכער פארברעכן! די אימפעריאליסטן פון דער גאנצער וועלט האָבן זיך ארויפגעוואָרפן אף דער רוסלענדישער רעפובליק זי צו דערשטיקן, און מיר האָבן אָנגעהויבן שאפן אַן ארמיי, וואָס וויים צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, פארוואָס זי קעמפט און פארוואָס זי ברענגט קרבנות, און פארטיידיקט זיך מיט דערפאָלג קעגן א פיינט, וואָס איז מער אין צאָל, דערנענטערנדיק מיט יעדן חודש דעם ווידערשטאנד פון דער וועלט־רעוואָלוציע אף א מאסשטאב, וואָס מען האָט נאָך ביז איצט ניט געזען — און דאָס פארדאמט מען ווי רויטן מיליטאריזם!

„איך חזר איבער — אָדער דאָס זיינען נאראָנים, וואָס גיבן ניט קיין שום פאָליטישע אָפשאצונג, אָדער דאָס זיינען פאָליטישע זשוליקעס!״**)

דער סאָוועטן־פארבאנד האָט מיט א קורצער צייט צוריק געפייערט דעם 15טן יובליי פון דער רויטער ארמיי און צוזאמען מיט די סאָוועטישע מאסן האָבן געפייערט דעם דאָזיקן יום־טוב די קלאסנבאוואוסטזיניקע

---

*) לענין, „שלום־רעדע אף דעם 8טן פארטיי־צוזאמענפאָר״, באנד 24, זייט 176.

**) לענין, באנד 24, זייט 62.

אַרבעטער און אונטערדריקטע מאַסן איבער דער גאַנצער וועלט. וואָרים די דערגרייכונגען פון דער רויטער אַרמיי זיינען די דערגרייכונגען פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. די ערשטע רעוואָלוציאָנערע מלחמה פון דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט האָט ניט בלויז אַ היסטאָרישן באַדייט. דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך ניט פאַרניכטעט. די געפאַר פון אַ נייער אימ־פּעריאַליסטישער אַטאַקע אַפן סאָוועטן־פאַרבאַנד איז צוליב דעם עקאָ־נאָמישן קריזיס געוואָרן מער אַקטועל, ווי ווען ניט איז פריער, זינט די רויטע אַרמיי האָט אַרויסגעיאָגט די אימפּעריאַליסטן פון סאָוועטן־לאַנד. די דערפאַרונג פון דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה פון 1918־1920 העלפט אונז זיך צוצוגרייטן פאַר דער נייער רעוואָלוציאָנערער מלחמה, וואָס וועט אַרויפגעצוואונגען ווערן אויף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מצד יאַפּאַן מיט דער שטיצע פון אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם. אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָ־נערער מלחמה פון סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט שעפּט דער אַרבעטער־קלאַס פון דער גאַנצער וועלט גלויבן אין דעם, אַז ווען דאָס רואינירטע פון מלחמה און קאָנטער־רעוואָלוציע סאָוועטן־לאַנד האָט אויסגעטראָגן דעם קאַמף אין 1918—1920, וועט זי דערפירן צו אַ זיגרייכן סוף אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה אין די באַדינגונגען פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס האָט שוין ניט בלויז דעם יסוד, נאָר די גאַנצע געביידע.

## דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט

ווען לענין האָט אָפּגעשאַצט דעם זיג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איבער דער קאָאַליציע פון די מעכטיקסטע אימפּעריאַליסטישע מלוכות פון דער גאַנצער וועלט, האָט ער אָנגעוויזן אין דער ערשטער ריי אויף צוויי פאַקטאָרן: די העלדישקייט און דער כח פון סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געקעמפט אונטער דער פירערשאַפט פון זיין באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, און דער פאַרבאַנד צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס און דעם פּויל־מיליאָניקן פויערטום. דערביי האָט ער אָבער אונטערשטראָכן, אַז די צוויי פאַקטאָרן אַליין וואָלט ניט געווען גענוג פאַרן זיג פון דער רעוואָלוציאָ־נערער מלחמה. דערצו איז נויטיק געווען אַ דריטער פאַקטאָר — די סאָלידאַרישקייט פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע סאָלידאַרישקייט האָט זיך אויסגעדריקט קודם כל אין דעם, וואָס די רוסלענדישע אַרבעטער־מאַסן זיינען געווען איבערצייגט, אַז זיי פאַרטיידיקן ניט נאָר זייערע אייגענע

אינטערעסן, נאָר די אינטערעסן פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַר־יאַט. די דאָזיקע איבערצייגונג איז געווען אַ ריכטיקע אפילו דעמאָלט, ווען די אַרבעטער פון די מערב־אייראָפּייאישע לענדער האָבן דאָס נאָך ניט פאַרשטאַנען און זיינען דירעקט ניט געקומען צו הילף דעם אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם.

„דער ביישפּיל פון דער סאָציאַליסטישער סאָוועטן־רעפּובליק אין רוסלאַנד" — האָט לענין געשריבן — „וועט שטיין אַלס אַ לעבע־דיקער מוסטער פאַר די פעלקער פון אַלע לענדער און די פּראָפּאַגאַנ־דיסטישע רעוואָלוציאָניזירנדיקע ווירקונג פון דעם דאָזיקן מוס־טער וועט זיין ריזיק. דאָ — אַ בורזשואַזע אָרדענונג און אַ מוטער־נאַקעטע פאַרכאַפּונגס־מלחמה פון צוויי גרופּן רויבער, דאָרטן — פרידן און אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק פון סאָוועטן." *)

דער ריזיקער „פּראָפּאַגאַנדיסטישער און רעוואָלוציאָניזירנדיקער מוסטער" האָט ניט פאַרפעלט אויסצואיבן די נויטיקע ווירקונג. וואָרים דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט איז געקומען צו הילף דער פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע, דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה פון די סאָ־וועטישע מאַסן. „מיר האָבן באַ זיי צוגענומען די סאָלדאַטן", איז געווען לענינס אַ באַרימט ווערטל. און דאָס האָט זיך באַצויגן ניט נאָר אויפן דירעקטן פאַקט, וואָס סאָלדאַטן פון די אימפּעריאַליסטישע אָקופּאַציע־אַרמייען האָבן זיך אָפּגעזאָגט קעמפן קעגן די סאָוועטישע אַרבעטער, נאָר אויף דעם אומדירעקטן: די קאַמפן פון די אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער האָבן געצוואונגען די אימפּעריאַליסטן צוריקצוציען זייערע אַרמייען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

שוין אין פאַרבינדונג מיט דעם ברעסט־ליטאָווסקער פרידן הויבט זיך אויף אין יאַנואַר 1918, אַ מעכטיקע סטרייק־כוואַליע אין דייטש־לאַנד און עסטרייך. נאָך דער מיליטערישער נידערלאַגע פון די מלוכות פון צענטראַל־אייראָפּע, הויבן אָן די דייטשע און עסטרייכישע אַרבעטער צו אָרגאַניזירן סאָוועטן, לויט דעם רוסישן ביישפּיל. אין די לענדער פון די זיגרייכע „עליים" הויבט אָן שטייגן אַ מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, אין די יאָרן פון 1919־1920. אַזוי אַז לענין האָט מיט פולן רעכט געקאָנט זאָגן אין 1920, אַז „אונזער זאַך שטייט פעסט און אומ־באַזיגבאַר, דערפאַר וואָס איבער דער גאַנצער וועלט אַנטוויקלען זיך די

*) לענין, „טעזיסן וועגן פרידן", באַנד 22, זייט 198.

עקאָנאָמישע באַדינגונגען אַזוי, אַז זיי שוואַכן אָפּ מיט יעדן טאָג אונזערע שונאים, אָבער אונז פאַרשטאַרקן זיי. אַז דאָס איז ניט איבערטריבן, ניט קיין באַרימעריי, ניט פאַרגרעסערט — האָט אייך איצט נאָכאַמאָל באַוויזן די פּוילישע מלחמה.״

די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער אין די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער קעגן זייער בורזשואַזיע און רעגירונגען איז געווען אַ פאָרם, אין וועלכער ס׳האָט זיך אויסגעדריקט די סאָלידאַרישקייט פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט מיט די רוסישע אַרבעטער, וואָס האָבן פאַרטיידיקט זייער דיקטאַטור.

אָבער די דאָזיקע סאָלידאַרישקייט האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין אַ פּאָזיטיווער פאָרם. ניט נאָר זיינען די אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אָנגעפאַלן אויף זייער אייגענער בורזשואַזיע און דורכדעם אָפּגע־שוואַכט די מעגלעכקייטן פון אימפּעריאַליסטישן קאַמף קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד; ניט נאָר האָבן סאָלדאַטן פון די אימפּעריאַליסטישע אַרמייען זיך אָפּגעזאָגט צו אַטאַקירן די רויטע אַרמיי — נאָר די אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער שטעלן זיך פּאָזיטיוו אויף דער זייט פון קעמפּנ־דיקן סאָוועטן־לאַנד און שטיצן דירעקט דעם דאָזיקן קאַמף. מיר ווייסן, אַז די דייטשע אַרבעטער האָבן אין 1920 ניט דערלאָזן צו טראַנספּאָרטירן אַמוניציע קעגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד; מיר ווייסן, אַז די ענגלישע אַרבעטער האָבן, אין 1920, אָרגאַניזירט אַקציע־קאָמיטעטן, וואָס האָבן געצוואונגען די ענגלישע רעגירונג זיך אָפּצוהאַלטן פון אַריינמישן זיך אין דער פּוילישער מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אין אַ רעדע אויף דעם אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון טראַנספּאָרט־אַרבעטער אין 1921, האָט לענין ווידעראַמאָל דורך היסטאָרישער באַ־שטעטיקונג באַוויזן, אַז גערעכט זיינען געווען די באָלשעוויקעס און ניט די מענשעוויקעס און עסערן, וואָס האָבן גע׳טענה׳ט באַם אָנהויב פון בירגער־קריג: די אַרבעטער פון מערב־אייראָפּע קומען אונז ניט צו הילף. זיי לאָזן אונז שטיקן, זיי האָבן דערלאָזן צו דערשטיקן אונגאַרן, א. אז. וו. לענין ווייזט איצט אָן, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקייט פון אַרבעטער־קלאַס איז געווען דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר אין דעם זיג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד:

„איר ווייסט, אַז קעגן אונז האָבן אין משך פון 3 יאָר געפירט מלחמה די רייכסטע מלוכות פון דער וועלט. די מיליטערישע מאַכט, וואָס איז געשטאַנען קעגן אונז, און וואָס האָט געשטיצט קאָלטשאַקן,

יודעניטשן, דעניקינען, און ווראַנגלען — איר ווייסט עס גאַנץ גוט, יעדער פון אייך האָט זיך באַטייליקט אין דער מלחמה — האָט אריבערגעשטיגן ניט אין פאַרגלייך אונזערע מיליטערישע כחות. איר ווייסט גוט, אַז די מעכטיקייט פון אָט־די אַלע מלוכות איז אומפאַרגלייכלעך גרעסער ווי אונזערע אויך איצט. ווי אַזוי האָט דאָס געטראָפן? אַן ענטפער האָבן מיר אַ ריכטיקן. דאָס האָט געקאָנט טרעפן און האָט געטראָפן דערפאַר, וואָס דער פּראָלע־טאַריאַט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז געווען פאַר אונז. אַפילו אין די פאַלן, ווען זיי זיינען געווען אויסגעשפּראָכן אונטער דער ווירקונג פון די מענשעוויקעס . . .״ *)

און ווידעראַמאָל דאַרפן מיר לערנען פון דער דאָזיקער דערפאַרונג פון דער געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אין 1919־1920, איז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל נאָך געווען אין פּראָצעס פון אָרגאַניזירן זיך. ס׳זיינען נאָך ניט געווען קיין שטאַרקע, אָרגאַניזירטע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס זאָלן אויסאיבן אַן איינפלוס אויף די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין זייערע לענדער לטובת דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אָבער די אַרבעטער האָבן מיט זייער קלאַסן־חוש דערפילט, אַז די אַרבעטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד קעמפן זייער קאַמף, אַז דער זיג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז זייער זיג. ס׳איז דעריבער קלאָר, אַז איצט קאָנען מיר אוואדע קומען צו די ברייטסטע מאַסן און אויפקלערן זיי וועגן די נייע גרויסע זיגן פון סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט אין בויען סאָציאַליזם, באַווייזן זיי, אַז דער סאָוועטישער ביישפּיל, דער וועג פון די אַרבעטער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז זייער וועג צו לייזן די פּראָבלעמען פון קריזיס, מלחמה, הונגער, נויט, וואָס דער קאַפּיטאַליזם ברענגט פאַר זיי; מיר קאָנען אַרומרינגלען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט אַן אייזערנער קייט פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריש־קייט, אַז די אימפּעריאַליסטן זאָלן ניט וואַגן אויפהויבן זייער געפּאַנצערטן פויסט קעגן דער ערשטער אַרבעטער־רעפּובליק.

## דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און די אונטערדריקטע פעלקער

מיר האָבן אָנגעוויזן אויף לעניגס לערע וועגן דער פאַרבינדונג צווישן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די

*) לענין, באַנד 26, זייט 288.

אונטערדריקטע פעלקער. לאָמיר די דאָזיקע לערע קאָנקרעטיזירן דורך דער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר די אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ.

די אונטער־דריקטע פעלקער קאָן מען איינטיילן אומגעפער אין דריי גרופּן, אַף וויפיל דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און זיין נאַציאָנאַלער פּאָליטיק: ערשטנס, די פעלקער, וואָס זיינען געווען אונטערדריקט אונטערן צאַריזם און האָבן אַ דאַנק דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און אין די באַדינגונגען פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור באַקומען פולשטענדיקע נאַציאָנאַלע פרייהייט; צווייטנס, די פעלקער, וואָס האָבן זיך באַפרייט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג און זיינען, אין די מערסטע פאַלן מיט דער מיטווירקונג פון די אימ־פּעריאַליסטישע רעגירונגען, געוואָרן זעלבסטשטענדיקע בורזשואַזע רע־פּובליקן; דריטנס, די פעלקער, וואָס זיינען נאָך איצט אונטערן יאָך פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות און האָבן ניט זייער אייגענע מלוכה־אָרדענונג, אָדער די וואָס ווערן אונטערדריקט און עקספּלואַטירט פון די אימפּעריא־ליסטישע מלוכות.

וועגן דער ערשטער גרופּע דאַרף מען דאָ קיין סך ניט ריידן. די לעניניסטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־רעגירונג איז מער באַ־קאַנט אונזער ברייטן עולם, ווי וועלכע ניט איז אַנדער פּראָבלעם פון דער פּראָלעטאַרישער סאָוועטישער פּאָליטיק. ערשט גאָר לעצטנס האָבן מיר, אידישע אַרבעטער, ספּעציעל, געזען דעם אויסדרוק פון דער דאָזיקער פּאָ־ליטיק אין דער פּראָקלאַמירונג פון בירא־בידזשאַן אַלס אַן אויטאָנאָמע אידישע געגנט (אָבלאַסט). די פריער־אונטער־דריקטע פעלקער האָבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ניט נאָר אַ מעגלעכקייט פריי צו אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור, נאָר האָבן אויך פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט אין די ראַמען פון דער פרייער פעדעראַציע פון סאָוועטן־רעפּובליקן, וואָס שטעלט צונויף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָס ברידערלעכע צוזאַמענלעבן פון פעלקער און ראַסן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, די הויכע קולטורעלע אַנט־וויקלונג, וואָס די דאָזיקע פעלקער האָבן באַקומען אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווייזט ווי אַזוי דער אַרבעטער־קלאַס לייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע. אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט געבויט אַ קולטור, וואָס איז „נאַציאָנאַל אין איר פאָרם, סאָציאַליסטיש אין איר אינהאַלט" (סטאַלין).

די פעלקער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרשטייען, אַז זייער סאָציאַלע באַפרייאונג איז מעגלעך אַ דאַנק דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט,

וואָס בויט דעם סאָציאַליזם. זיי ווען ביזן לעצטן אָטעם קעמפן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד אין פאַל פון אַן אימפּעריאַליסטישער אַטאַקע.

צו דער צווייטער גרופּע געהערן: פּוילן, די באַלטישע מלוכות און פינלאַנד. אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע מלוכות האָבן מיר קאָנקרעטע לעקציעס פון דער פּאָליטיק, וואָס לענין האָט דורכגעפירט אין צייט פון בירגער־קריג, וואָס איז פון גרויס וויכטיקייט פאַר דער טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין צייט פון מלחמה.

אין די דאָזיקע מלוכות האָט די נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע געשפּילט די העסלעכע ראָל פון אַ הענקער פון די אַרבעטער־מאַסן און די בורזשואַזע „נאַציאָנאַלע פרייהייט" איז דערגרייכט געוואָרן אויף דיביינער פון טויזנטער רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, פון אָנהויב מיט דער הילף פון די דייטשע יונקערס (אין פינלאַנד און באַלטישן געגנט), שפּעטער מיט דער הילף פון דעם ענגלישן און פראַנצויזישן אימפּעריאַליזמען. ס'וואָלט געווען נאַטירלעך, אַז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן דער נידערטרעכטיקער בורזשואַזיע פון די דאָזיקע לענדער און דער בורזשואַזיע פון די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וואָס שטיצט דער ברזשואַזער הערשאַפט אין די דאָזיקע לענדער. לענין אָבער האָט צוריקגעוויזן אַזאַ טאַקטיק. ער האָט ניט אויפגעהערט אָנצואווייזן אויף דעם אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מלוכות און אָט־די קליינע לענער, די נויטיקייט, דעריבער, אָנצואווענדן אַן אַנדער טאַקטיק.

„די יאָרהונדערטיקע אונטערדריקונג פון די קאָלאָניאַלע און שוואַכע פעלקער דורך די אימפּעריאַליסטישע מלוכות האָט איבערגעלאָזט בײַ די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די אונטערדריקטע לענדער ניט נאָר אַ פאַרביטערונג, נאָר אויך אַן אומצוטרוי צו די אונטערדריקנדיקע נאַציעס בכלל, אַריינגערעכנט אויך צום פּראָלעטאַריאַט פון די דאָזיקע נאַציעס. דער מיאוס'ער פאַרראַט פון סאָציאַליזם פון דער מערהייט אָפיציעלע פירער פון דעם דאָזיקן פּראָלעטאַריאַט אין 1914—1918 יאָרן, ווען מיט „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" האָבן זיי צוגעדעקט דאָס „רעכט" פון זייער אייגענער בורזשואַזיע אויף אונטערדריקן קאָלאָניעס און ראַטעווען די פינאַנציעל־אָפּהענגיקע לענדער, האָט בלויז געקאָנט פאַרשטאַרקן דעם דאָזיקן אינגאַנצן געזעצלעכן אומצוטרוי. אַזוי ווי אומצוטרוי און נאַציאָנאַלע פאַר־

אורטיילן קאָנען פאַרשווינדן בלויז נאָכן אויסוואָרצלען דעם אימ־פעריאַליזם און קאַפּיטאַליזם אין די פאָרגעשריטענע לענדער און נאָך אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון דעם גאַנצן יסוד פון דעם עקאָנאָמישן לעבן פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער, קאָן דאָס אָפּשטאַרבן פון די פאָראורטיילן ניט זיין אַנדערש, ווי זייער לאַנגזאַם. דערפאַר איז דער באַוואוסטזיניקער קאָמוניסטישער פראָלעטאַריאַט פון אַלע לענ־דער פאַרפליכטעט זיך צו באַנוצן מיט אַ באַזונדערער פאָרזיכטיקייט און מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט צו די איבערלעבונגען פון נאַציאָנאַלע געפילן אין די לאַנג־אונטערדריקטע לענדער און בא די לאַנג־אונטערדריקטע פעלקער, פונקט אַזוי זיינען זיי פאַר־פליכטעט איינצוגיין אַף געוויסע פשרות פאַרן צוועק, אַז דער אָנ־געוויזענער אומצוטרוי און די אָנגעוויזענע פאָראורטיילן זאָלן גיכער אויסגעלעבט ווערן."*)

דאָס איז געווען לענינס גרונט־שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע און ער האָט אים מיט גרויסער אויסגעהאַלטנקייט דורכגעפירט אין פאַר־בינדונג מיט די סאָוועטישע גרענעץ־לענדער אין דער צייט פון בירגער־קריג. אַזוי דערקלערט לענין אין אַ רעדע אַף דעם פּלענום פון מאָסקווער סאָוועט, דעם 27טן פעברואַר, 1921:

„... ס'וועלן זיך ניט געפינען קיין סך מלוכות אין דער וועלט, וואָס האָבן אין דער הינזיכט אַזוי געזינדיקט, ווי די אַלטע רוסלענ־דישע אימפעריע און די בורזשואַזע רעפּובליק פון קערענסקין און די אַנדערע מענשעוויקעס און עס־ערן בשותפות מיט דער בורזשו־אַזיע. אָט פאַרוואָס מיר ווייזן אַרויס טאַקע אין דער הינזיכט פון דער באַציאונג צו די דאָזיקע מלוכות מער ווי אַלץ פשרות, גייענדיק אַף אַזעלכע פרידלעכע באַדינגונגען, פאַר וועלכע מאַנכע עס־ערן האָבן אונז געזידלט, שיר ניט אָנרופנדיק טאָלסטאָיאַנער."**)

איבערצייגן די אַרבעטער און פּויערים פון די אונטערדריקטע לענדער, אַז די סאָוועטן־מאַכט וויל זיי מער ניט אונטערדריקן — דאָס איז דער גרונט־פּרינציפּ פון לענינס טאַקטיק בנוגע די גרענעץ־לענער.

אַף דעם זעלביקן פּלענום האָט לענין ווייטער דערקלערט וועגן די

---

*) לענין, „דרעפט פון טעזיסן וועגן דער נאַציאָנאַלער און קאָלאָניאַלער פראַגע", באַנד 25, זייט 290.

**) לענין, באַנד 26, זייט 177.

פארהאנדלונגען מיט פוילן, וועלכע האט נאך אלץ געמאכט אלערליי שווע־ריקייטן אין אונטערשרייבן א פרידנס־אפמאך מיטן סאוועטן־פארבאנד:

„. . . מיר וועלן אפילו אף א מינוט ניט אפשוואכן און ניט פארקלענערן אונזערע מיליטערישע קרעפטן, אין דער זעלביקער צייט וועלן מיר קיין מורא ניט האבן צו מאכן נאך עטלעכע הנחות דער בורזשואזיע פון פוילן און באווייזן, אז די ארבעטער־ און פויערים־מאכט באשעפטיקט זיך ניט מיט נאציאנאלע רייסערייען.״ *)

אין פארבינדונג מיט דער פראגע וועגן דער באציאונג פון סאוועטן־פארבאנד צו די גרענעץ־לענדער, וואס זיינען פאר דער מלחמה געווען טיילן פון דער צארישער רוסלענדישער אימפעריע, האט לענין אויך גע־געבן אן ענטפער אף א צווייטער וויכטיקער פראגע — די פראגע, צי קאן דער סאוועטן־פארבאנד אין זיין נאציאנאלער פאליטיק אויסנוצן די ווידערשפרוכן צווישן פארשיידענע גרופן בורזשואזע רעגירונגען?

זי קאן און זי דארף, האט לענין געענטפערט.

אף דעם זיבעטן צוזאמענפאר פון די סאוועטן, אין דעצעמבער 1919, האט לענין דערקלערט:

„דער אנטאנט איז געשטאנען מיט דער גאנצער מאכט פון זיין באוואפענונג, זיין אויסערלעכער מעכטיקייט, מיט זיין גאנצער באַ־זארגונג, וואס ער האט געקאנט געבן די דאזיקע לענדער און גע־פאדערט, אז זיי זאלן קעגן אונז קעמפן. מיר האבן געוואונען. מיר האבן געוואונען דערפאר, וואס דער אנטאנט האט שוין מער ניט געהאט קיין אייגענע ארמייען, וואס ער זאל קאנען ארייננווארפן קעגן אונז. ער האט געדארפט האנדלען דורך די קרעפטן פון די קליינע פעלקער, און די קליינע פעלקער, ניט נאר די ארבעטער און פויערים, נאר אפילו א היפשער טייל פון דער בורזשואזיע וואס האט דערשטיקט דעם ארבעטער־קלאס, איז סוף כל סוף ניט געגאנגען קעגן אונז.״ **)

פארוואס איז די בורזשואזיע פון די גרענעץ־לענדער ניט ארויס־געטראטן קעגן דער סאוועטן־מאכט, ווען די אימפעריאליסטן האבן זיך באזונדער שטארק גענויטיקט אין דעם? דערפאר וואס זי האט מיט

---

*) לענין, באנד 26, זייט 178.
**) לענין, באנד 24, זייט 597.

רעכט מורא געהאַט, אַז דאָס פאַלן פון דער סאָוועטן־מאַכט וועט צוריק־ברענגען דעם רוסישן אימפּעריאַליזם; די דאָזיקע מלוכות האָבן מורא געהאַט, אַז אויב קאָלטשאַק און דעניקין וועלן זיגן, וועט צוריק אויפ־געשטעלט ווערן די רוסישע מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיי אונטערדריקט אין משך פון יאָרן. אָט דער ווידערשפּרוך צווישן די דאָזיקע צוויי גרופּן בורזשואַזע מלוכות איז אויסגענוצט געוואָרן פון לענינען אין דעם קאַמף קעגן די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מלוכות. די דאָזיקע ווידערשפּרוכן עקזיסטירן ביז היינט צו טאָג. חבר סטאַלין האָט דערקלערט, אַז דער דורכפאַל פון דער מלחמה־פּראָוואָקאַציע פון ענגלישן אימפּעריאַליזם קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין 1927, איז געווען דער רעזולטאַט פון די ווידער־שפּרוכן צווישן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות.

וואָס איז שייך דער דריטער גרופּע לענדער — די לענדער, וואָס זיינען אונטערדריקט און עקספּלואַטירט פון די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מלוכות, אַף זיי האָט דער ביישפּיל פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסגעאיבט אַ ריזיקן איינפלוס נאָך אין דער צייט פון בירגער־קריג. לענין האָט אַף דעם אָנגעוויזן אין זיין רעדע אַף דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין סעפּ־טעמבער 1920:

> „אין דער געשאַפענער נייער לאַגע האָט זיך קודם כל ארויס־געוויזן דער פאַקט פון גרויסן באַדייט, אַז די בורזשואַזיע פון די לענדער, וואָס לעבט אונטערן יאָך פון דעם אַנטאַנט, איז גיכער פאַר אונז. און אַזעלכע לענדער שטעלן צוזאַמען 70 פּראָצענט פון דער גאַנצער מענטשהייט אַף דער ערד... דאָס האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ באַזונדערער שטאַרקייט . . . אַף דייטשלאַנד, ווען אונזער אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע.״ *)

לענין ווייזט אָן אַף דייטשלאַנד, ווייל צו יענער צייט איז דייטשלאַנד געווען אַ נאַציאָנאַל־אונטערדריקטע לאַנד. די לאַגע האָט זיך אָבער זינט דעמאָלט אינגאַנצן געענדערט. דייטשלאַנד געפינט זיך צוריק אין די רייען פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. דער דייטשער פאַשיזם איז היינט צו טאָג דער שפּיזן־שפּיץ פון וועלט־אימפּעריאַליזם אין זיינע צו־גרייטונגען פאַר אַ נייער מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

---

*) לענין, באַנד 25, זייט 378.

## מעג דער סאָוועטן־פאַרבאַנד שליסן מיליטערישע אָפּמאַכן מיט קאַפּיטאַליסטישע מלוכות?

ווען דער בירגער־קריג האָט זיך געענדיקט און די סאָוועטן־רעגירונג האָט אָנגעהויבן איינצושטעלן פאַרבינדונגען מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, געגומען מיט זיי האַנדלען און שליסן אָפּמאַכן, האָבן די סאָציאַליסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אָנגעהויבן צו שרייען פון אַלע דעכער, אַז שוין — פאַרטיק! „רוסלאַנד קערט זיך אום צוריק צום קאַפּיטאַליזם."

לענין האָט אָבער געענטפערט, אַז ריכטיק איז פונקט דער היפּוך: דער בעסטער באַווייז פון דער מאָראַלישן און מאַטעריעלן זיג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איבערן קאַפּיטאַליזם פון דער גאַנצער וועלט איז דער פאַקט, וואָס די קאַפּיטאַליסטן זיינען געצוואונגען „קעגן זייער ווילן אַריינצוטרעטן אַפן וועג פון האַנדלס־באַציאונגען, ווייסנדיק אַז זיי פאַרשטאַרקן אונז דורכדעם."

אָבער ניט נאָר מעג דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האַנדלען מיט די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, האָט לענין באַוויזן, נאָר ער מעג און ער דאַרף אויסנוצן די ווידערשפּרוכן, די רייבונגען צווישן די פאַרשיידענע גרופּן אימפּעריאַליסטן, און שליסן מיט זיי מיליטערישע אָפּמאַכן, פאַרבלייבנדיק, פאַרשטענדלעך, געטריי זיינע אייגענע צילן, זיין אייגענער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

„כל זמן מיר האָבן ניט איינגענומען די גאַנצע וועלט" — שרייבט לענין — „כל זמן מיר פאַרבלייבן פון עקאָנאָמישן און מיליטערישן שטאַנדפּונקט שוואַכער, ווי די איבעריקע קאַפּיטאַליסטישע וועלט, דאַרף מען ביז יענער צייט זיך האַלטן באַם רעגל: מען דאַרף קאָנען אויסנוצן די ווידערשפּרוכן און קעגנזאַצן צווישן די אימפּעריאַליסטן. אויב מיר וואָלטן זיך ניט געהאַלטן בא אָט־דעם רעגל, וואָלטן מיר, צום פאַרגעניגן פון די קאַפּיטאַליסטן, שוין לאַנג געהאַנגען אַף פאַרשיידענע בוימער." *)

די דאָזיקע לענינישע טאַקטיק דרינגט אַרויס פון זיין גרונט־אַנאַליז פון דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע, פון דעם געזעץ וועגן דער ניט־גלייכמעסיקער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, וואָס ווערט אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם שטאַרק פאַר־

*) לענין, באַנד 25, זייט 498.

שאַרפֿט און פֿירט צו ביטערע קאַמפֿן און מלחמות צווישן די אימפּעריאַ־ליסטישע לענדער און צום זיג פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. כדי צו פֿאַרזיכערן דעם דאָזיקן זיג, האָט לענין געזאָגט: „איך בעט אָפּגעבן מיין שטים פֿאַר נעמען הילף פֿון די רויבער, פֿון דעם ענגליש־פֿראַנצויזישן אימפּעריאַליזם.“

באַזונדער דייטלעך, קלאָר און קאָנקרעט האָט לענין דערקלערט די דאָזיקע טאַקטיק פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין זיין „בריוו צו די אַמעריקאַנער אַרבעטער“, פֿון 20טן אויגוסט, 1918:

„ווען די רויבער פֿון דייטשן אימפּעריאַליזם האָבן, אין פֿעברואַר, 1918, אַוועקגעפֿירט זייער מיליטער קעגן דער אַנטוואָפֿנטער, זיך דעמאָביליזירנדיקער אַרמיי פֿון רוסלאַנד, וואָס האָט געטרויט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פֿון פּראָלעטאַריאַט איידער ס'איז אינגאַנצן רייף געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע, דעמאָלט האָב איך זיך גאָרניט געוואַקלט אַריינצוטרעטן אין אַ געוויסן „אָפּמאַך“ מיט די פֿראַנצויזישע מאָנאַרכיסטן. דער פֿראַנצויזישער קאַפּיטאַן סאַדול, וועלכער האָט מיט ווערטער מיטגעפֿילט מיט די באָלשעוויקעס, אין דער ווירקלעכקייט געדינט געטריי און איבערגעגעבן דעם פֿראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, האָט צו מיר געבראַכט אַ פֿראַנצויזישן אָפֿיצער דע־ליובאַרסאַק. „איך בין אַ מאָנאַרכיסט, מיין איינציקער ציל — אַ דורכפֿאַל פֿון דייטשלאַנד,“ האָט מיר דערקלערט דע־ליובאַרסאַק. „דאָס איז פֿאַרשטענדלעך“ — האָב איך געענטפֿערט (cela va sandire). דאָס האָט מיר ניט געשטערט זיך צו „פֿאַרשטענדיקן“ מיט דע־ליובאַרסאַקן וועגן דינסטן, וואָס אונז האָבן געוואָלט געבן די ספּעציאַליסטן פֿון אויפֿרייס־קונסט, די פֿראַנצויזישע אָפֿיצערן, אויפֿצורייסן אייזנבאַנען, שאַסייען, כדי צו שטערן דעם אָנפֿאַל פֿון די דייטשן. דאָס איז געווען אַ מוסטער פֿון אַן „אָפּמאַך“, וואָס יעדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער וועט באַשטעטיקן, אַן אָפּמאַך אין די אינטערעסן פֿון סאָציאַליזם. מיר האָבן זיך געדריקט די הענט מיט דעם פֿראַנצויזישן מאָנאַרכיסט, ווייסנדיק אַז יעדער פֿון אונז וואָלט מיט פֿאַרגעניגן אויפֿגעהאָנגען זיין „פּאַרטנער“. אָבער אונזערע אינטערעסן זיינען צייטווייליק צוזאַמענגעפֿאַלן. אַנטקעגן די אַטאַקירנדיקע רויבער — דייטשן האָבן מיר אויסגענוצט אין די אינטערעסן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע און אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע די פּונקט

אזעלכע רויבערישע קאָנטר־אינטערעסן פון אַנדערע אימפּעריאַ־ליסטן.

„מיר האָבן אַף אַזאַ אופן געדינט די אינטערעסן פון אַר־בעטער־קלאַס פון רוסלאַנד און אַנדערע לענדער, מיר האָבן פאַר־שטאַרקט דעם פּראָלעטאַריאַט און אָפּגעשוואַכט די בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט, מיר האָבן אַנגעווענדט די געזעצלעכסטע און פאַרפליכטנדיקע אין יעדער מלחמה מאַנעווורירונג, לאַווירונג, דאָס אָפּטרעטן אין דערוואַרטונג פון דעם מאָמענט, ווען עס וועט רייף ווערן די שנעל רייף־ווערנדיקע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין אַ ריי פאָרגעשריטענע לענדער.

„און וויפיל עס זאָלן ניט וואָיעווען פון רשעות די רויבער פון ענגליש־פראַנצויזישן און אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם, וויפיל זיי זאָלן אונז ניט פאַרלוימדן, וויפיל מיליאָנען זיי זאָלן ניט אויסגעבן אַף אונטערקויפן די רעכטע עסערישע, מענשעוויסטישע און די אַנדערע סאָציאַל־פּאַטריאָטישע צייטונגען, וועל איך פאַר אַ סעקונדע זיך ניט וואַקלען צו שליסן פונקט אַזאַ „פאַרשטענדיקונג" מיט די רויבער פון דייטשן אימפּעריאַליזם אין פאַל, ווען אַן אָנגריף אַף רוסלאַנד פון די ענגליש־פראַנצויזישע אַרמייען וועט עס פאָדערן. און איך ווייס אויסגעצייכנט, אַז מיין טאַקטיק וועט גוטגעהייסן ווערן פון באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע — אין אַ וואָרט, פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט."*)

יעדער אַמעריקאַנער אַרבעטער דאַרף געדענקען אָט דעם בריוו לע־נינ'ס צו אונז, ווען אומבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער און סאָציאַליסטישע פירער פרעגן, אָדער הויבן אָן דעמאַגאָגעווען, פאַרוואָס זיצט ליטווינאָוו מיט רוזוועלט'ן בּאַ איין טיש? פאַרוואָס גייט טראָיאַנאָווסקי צו באַנקעטן פון אַמעריקאַנער באַנקירן? אַ. אַז. וו. „מיר האָבן זיך געדריקט די הענט מיט דעם פראַנצויזישן מאָנאַרכיסט, ווייסנדיק, אַז יעדער פון אונז וואָלט מיט פאַרגעניגן אויפגעהאַנגען זיין „פאַרטנער"."

ווען דאָס פאָדערט זיך אין די אינטערעסן פון בויען סאָציאַליזם, האַנדלט די סאָוועטן־רעגירונג מיט די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, שליסט מיט זיי אָפּמאַכן, ווייסנדיק, אַז „אַזאַ טאַקטיק וועט פאַרלייכטערן די זאַך

*) לענין, באַנד 23, זייט 182.

פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועט פאַרשנעלערן איר אָנקום, אָפּשוואַכן די אינטערנאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון דער ארבעטער־קלאַס, וואָס באַזיגט זי״ (לענין).

## די פרידלעכע פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט

די פירער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל באַשולדיקן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם, אַז זיין הויפּט־איינשטעלונג איז אַ מלחמה־איינשטעלונג, אַז דער קאָמוניזם שפּילט אַף מלחמה. דאָס איז, נאַטירלעך, אַ ליגן. די הויפּט־איינשטעלונג פון קאָמוניזם איז ניט מלחמה, נאָר פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וואָס זאָל ניט דערלאָזן צו אימפּעריאַליסטישער מלחמה. מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אָנגעוויזן ווי פאַלש עס איז די טעאָריע, אַז רעוואָלוציע איז פאַרבונדן נאָר מיט מלחמה. די אויפגאַבע פון קאָמוניזם איז ניט מלחמה, נאָר אונטערצוזאָגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס איז רייף אין אַלע פירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, כדי אויסצומיידן די שרעקן פון אַ נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. דער בעסטער אויסוועג פאַרן ארבעטער־קלאַס און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט וואָלט געווען, ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וואָלט פאַרלאָפן דעם וועג דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. דערפאַר איז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניזם דער איינציקער כח, וואָס קעמפט באמת קעגן מלחמה; דערפאַר איז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד דאָס איינציקע לאַנד, וואָס רעדט ניט וועגן פרידן, כדי צו פאַרדעקן די צוגרייטונגען צו מלחמה, ווי דאָס טוען די אימפּעריאַליסטישע לענדער (איצט ריידן זיי שוין אָפן וועגן מלחמה), נאָר וואָס איז באמת פאַראינטערעסירט אין פרידן און פירט דורך אַן אמת׳ע פרידלעכע פּאָליטיק.

דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואָס קאָן פירן אַן אויסגעהאַלטענע פּאָליטיק פון פרידן, דערפאַר וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַף דער ריזיקער טעריטאָריע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרניכטעט אַלע סיבות, וואָס פירן צו אימפּעריאַליסטישער מלחמה. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד נויטיקט זיך ניט אין קאָלאָניאַלע מערק. די געפּלאַנירטע ווירטשאַפט, וואָס איז מעגלעך נאָר אונטערן סאָציאַליזם, האָט פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד אָפּגעשאַפט די דאָזיקע נויטוענדיקייט פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו די רעגירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור פאַרטרעט די אינטערעסן פון דער איבערוועלטיקער מערהייט פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד, איר

דראַעט ניט קיין געפאַר פון אינוויינים, אַז זי זאָל דאַרפן די הילף פון מלחמה, כדי אָפצושטופן די שעה פון אונטערגאַנג, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די רעגירונגען פון די קאַפיטאַליסטישע לענדער. די מאַכט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געוואַקסן און וואַקסט מיט יעדן טאָג. אַזאַ לאַנד און בלויז אַזאַ לאַנד קאָן פירן אַ פעסטע און אויסגעהאַלטענע פּאָליטיק פון פרידן.

די יסודות פון דער פרידלעכער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט לענין אָנגעמערקט נאָך באַם סאַמע אָנהויב פון דער פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע. ס׳איז אַ פאַרלוימדונג פון די רענעגאַטן פון קאָמוניזם, וואָס שרייען, אַז די פרידלעכע פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך אָנ־געהויבן נאָך לענינס טויט, איז אַ „סטאַלין־פּראָדוקט״. חבר סטאַלין, לענינס בעסטער תלמיד און נאָכפאָלגער, פירט דורך די פרידלעכע פּאָלי־טיק, וואָס לענין האָט אָנגעמערקט — אַ פּאָליטיק פון פרידן ניט אין דעם פאַציפיסטישן, נאָר אין דעם לענינישן־רעוואָלוציאָנערן זינען פון דעם וואָרט. לאָמיר געבן, לעניניסטיש, פאַרשטיין אין וואָס עס דריקט זיך אויס די לענינישע פרידלעכע פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און ווי אַזוי זי איז פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

שוין אין זיין באַרימטן בריוו צום צ. ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אין סעפּטעמבער 1917, האָט לענין געשריבן:

„פאַר אונז זיינען אויבנאויף אַלע אָביעקטיווע פאַרבאַדינגונגען פאַר אַ דערפאָלגרייכן אויפשטאַנד . . . ווען בלויז אונזער זיג אין אַן אויפשטאַנד וועט אַראָפּרייסן די שפּיל מיט אַ סעפּעראַטן פרידן קעגן דער רעוואָלוציע — וועט זי אַראָפּרייסן דורך דעם, וואָס ער וועט פאַרלייגן אַן אָפענעם פרידן, אַ מער פולן, מער גערעכטן, מער נעהנטערן, אַ פרידן אין די נוצן פון דער רעוואָלוציע.״ *)

די דאָזיקע ווערטער באַווייזן, אַז שוין דעמאָלט האָט לענין געזעהן אין זינען איינצושטעלן פרידלעכע באַציאונגען מיט די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען אין די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. מיר האָבן שוין געזען ווי אַזוי לענין האָט פאַרטיידיקט דעם ברעסט־ליטאָווסקער פרידנס־אָפּמאַך.

אין 1920, ווען די הויפּט־פאַזע פון בירגער־קריג און דער רעוואָ־

*) לענין, „מאַרקסיזם און אויפשטאַנד״, באַנד 21, זייט 197.

לוציאָנערער מלחמה קעגן די „עליים" איז שוין געווען פאַריבער, האָט לענין אין אַ רעדע אויף דעם 9טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר דערקלערט וועגן דער פרידלעכער פּאָליטיק, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט דורכגעפירט אין דער צייט פון דער מלחמה:

„די מלחמה פאַר פרידן האָבן מיר אויסגעפילט מיט דער גרעס־טער ענערגיע. די דאָזיקע מלחמה גיט גרויסאַרטיקע רעזולטאַטן. אויפן געביט פון אָט־דעם קאַמף האָבן מיר זיך אַרויסגעוויזן, אין יעדן פאַל ניט ערגער ווי אויפן געביט פון דער טעטיקייט פון דער רויטער אַרמיי, אויפן בלוטיקן פראָנט. אָבער ניט פון ווילן פון די קליינע מלוכות, אפילו ווען זיי וואָלטן געוואָלט פרידן, ניט פון זייער ווילן הייענגט אָפּ דאָס שליסן פון פרידן מיט אונז. זיי זיינען אינגאַנצן אין חוב צו די לענדער פון אַנטאַנט, און דאָרטן גייט אָן אַ פאַרצווייפלטע רייסעריי און קאָנקורענץ צווישן זיך. מיר דאַרפן דעריבער גע־דענקען, אַז פרידן, פון שטאַנדפּונקט פון אַן אַלוועלטלעך־היסטאָרישן מאַסשטאַב, באַגרינדעט דורך דעם בירגער־קריג און דער מלחמה קעגן אַנטאַנט, איז, פאַרשטענדלעך, מעגלעך. אָבער אונזערע שריט צו פרידן דאַרפן מיר באַגלייטן דורך אַן אָנשטרענגונג פון אונזער גאַנ־צער מיליטערישער גרייטקייט, אומבאַדינגט ניט אַנטוואָפענענדיק אונזער אַרמיי." *)

צוויי מאָמענטן איז נויטיק צו אונטערשטרייכן אין די דאָזיקע ווער־טער לענינס:

ערשטנס, אַז ס'איז מעגלעך צו שליסן פרידן מיט די אימפּעריאַליס־טישע מלוכות. שוין דעמאָלט האָבן זיך געפונען חברים, וואָס האָבן גע־גלויבט, אַז די באַציאונג פון דער סאָוועטישער דיקטאַטור צו די בורזשואַזע לענדער קאָן זיין נאָר פון אַן אָפענעם מיליטערישן כאַראַקטער, און אַז אַזוי מוז דאָס פאַרבלייבן ביז דעם זיג פון דער אַלוועלטלעכער פּראָלע־טאַרישער רעוואָלוציע. לענין, פאַרקערט, בויט זיין סטראַטעגיע פאַר דעם זיג פון דער רעוואָלוציע אויף איינשטעלן פרידן, כדי צו פאַרשטאַרקן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

צווייטנס, אַז לענין רעדט וועגן פרידן, ווי וועגן אַ שלאַכט־פעלד. פרידן, פּונקט ווי מלחמה, זיינען אויסדרוקן פון קלאַסן־פּאָליטיק דורך פאַר־שיידענע מיטלען. לענינען איז ניט געקומען אפילו אין געדאַנק אָפּצושטעלן

*) לענין, באַנד 25, זייט 102.

דעם קאמף פון דער פראָלעטארישער מלוכה קעגן די אימפעריאַליסטישע. לענין זעט קלאָר, אַז ס׳האנדלט זיך בלויז וועגן ענדערן די מעטאָדן פון קאמף, וועגן אויסנוצן באַדינגונגען, וואָס קאָנען ברענגען גרעסערע רעזול־טאטן.

„. . . דורך דער מלחמה האָבן די אימפעריאַליסטן אָפּגענאַרט די אַרבעטנדיקע מאַסן, זיי האָבן דורך איר צוגעדעקט דעם אמת וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, דעריבער וועט יעדער פרידן עפענען הונ־דערט מאָל גרעסער און ברייטער דעם וועג פאַר אונזער איינ־פלוס.״ *)

דאָ האָבן מיר אַן ענטפער די „לינקע״ אָפּאָרטוניסטן פון טראָצקיס חדר, וואָס וואַרפן אויף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ „נאַציאָנאַלע אָריענ־טאַציע״, „נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט״. זיי זיינען דאָס כלומרשט די „אינטערנאַציאָנאַליסטן״. די ווירקונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט זיין הונדערט מאָל גרעסער און ברייטער דורך זיין פרידלעכער פּאָליטיק, האָט לענין אָנגעוויזן. זעען מיר ניט מיט אונזערע אויגן, ווי גרויס עס איז די ווירקונג פון די פרידלעכע אַרויסטרעטונגען פון דער סאָוועטן־רעגירונג אויף די ברייטע מאַסן! שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס די עקזיסטענץ און דאָס איינהאַלטן פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפּובליק האָט ניט קיין „נאַציאָנאַל־רוסישן״ באַדייט, נאָר איז פון דעם גרעסטן באַדייט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. און דערפאַר האָט די סאָוועטן־מאַכט דווקא אין די אינטערעסן פון פרידן געצאָלט מיט די גרעסטע „נאַציאָנאַלע״ קרבנות. לאָמיר כאָטש נעמען אַלס ביישפּיל די מלחמה מיט פּוילן, אין 1920.

ביז דעם אָנהויב פון דער מלחמה האָט די סאָוועטן־רעגירונג גע־שטרעבט ניט צו דערלאָזן צו אַ מלחמה, איז איינגעגאַנגען אויף די גרעסטע הנחות צו דער פּוילישער בורזשואַזיע. וועגן דער דאָזיקער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־רעגירונג אין קעגנזאַץ צו דער פּאָליטיק פון די אימפעריאַליס־טישע רעגירונגען האָט לענין געזאָגט:

„מיר האָבן געזען, אַז ווען מיר האָבן פאַר דעם אַפּריל־אָנגריף פאָרגעשלאָגן פרידן דער פּוילישער רעפּובליק אויף באַדינגונגען, וואָס האָבן זיך שטאַרק געלוינט פאַר די פּאָליאַקן, אָבער וואָס האָבן זיך אונז ניט געלוינט — האָט די גאַנצע בורזשואַזע פּרעסע פון דער וועלט אויפגעהויבן אַ טומל און באַטראַכט אונזער דירעקטע דער־

---

*) לענין, „רעדע אויפן 9טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר״, באַנד 25, זייט 101.

קלערונג אַלס אַ סימן פון אונזער שוואַכקייט. אויב די באָלשעוויקעס שלאָגן פאָר פרידן אַף דער ליניע, אַף וועלכער עס איז דעמאָלט געשטאַנען די פוילישע ארמיי, אויב די באָלשעוויקעס גיבן אפילו אוועק מינסק, זיינען זיי שוואַך." *)

די אימפעריאַליסטן האָבן געזוכט צו דיסקרעדיטירן די קרבנות, וואָס די סאָוועטן־מאַכט האָט געוואָלט ברענגען, כדי אויסצומיידן מלחמה, מיט דעם געשריי: די סאָוועטן זיינען שוואַך. דער דאָזיקער געשריי ווערט ביז היינט צו טאָג אויפגעהויבן, ווען די סאָוועטן־רעגירונג טרעט ארויס מיט אירע פרידלעכע פאָרשלאָגן. די ערשטע צו שרייען, און שרייען העכער פון אַלעמען, זיינען, נאַטירלעך, די סאָציאַליסטן און זייער פרעסע. אזוי איז דאָס געווען אין 1920; אזוי איז דאָס געווען אין 1927, ווען די סאָוועטן־מאַכט האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו ראַטעווען די וועלט פון מלחמה און האָט געבראַכט „נאַציאָנאַלע" קרבנות אין די אינ־טערנאַציאָנאַלע אינטערעסן פון פראָלעטאַריאַט. וואָרים וואָס פאַר אַן אַנדער לאַנד וואָלט ניט געענטפערט מיט מלחמה אַפן מאָרד פון וואָי־קאָווסקין, אַף די איבערפאַלן פון קאָנסולאַט אין פעקין און אַף דער האַנדלס־פאַרטרעטערשאַפט אין לאָנדאָן ? דאָס זעלביקע האָט זיך איבער־גע'חזר'ט, אין 1929, אין דער צייט פון דעם אינצידענט מיט דער מזרח־סיבירישער אייזנבאַן־ליניע. אין דער הינזיכט איז אגב ווערט צו באַ־מערקן אויך אַ צווייטן היסטאָרישן פאַקט: די זעלביקע אימפעריאַליסטן מיט זייערע ארויסהעלפער ווערן היילקע פריידיקער פון „פרידן" אזוי גיך ווי די לאַגע ענדערט זיך צום גונסטן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. די געשרייען וועגן „שוואַכקייט" ווערן פאַרביטן פון די זעלביקע העלדן דורך געשרייען וועגן „רויטן אימפעריאַליזם", „פאַרראַט פון דער וועלט־רעוואָלוציע" און אַנדערע אין דעם זעלביקן טאָן. לאָמיר נאָכאַמאָל נעמען די מלחמה מיט פוילן, אין 1920, אַלס ביישפּיל.

ווען דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט פאָרגעשלאָגן פרידן אַף באַ־דינגונגען, ווי לענין האָט געזאָגט, וואָס „האָבן זיך שטאַרק געלוינט די פּאָליאַקן", האָבן די אימפעריאַליסטן און זייערע לאַקייען געשריען — די שוואַכקייט פון דער סאָוועטן־רעגירונג ! אָבער, דערציילט לענין :

„דעם 12טן יולי, אומדערוואַרטעט, ווי איר געדענקט זיכער,

**) לענין, „רעדע אַפן צוזאַמענפאָר פון לעדער־אַרבעטער", באַנד 25, זייט 400.

האָבן מיר באַקומען אַ טעלעגראַמע פון סעקרעטאַר פון דער פעלקער־ליג מיט אַ דערקלערונג, אַז די פּוילישע רעגירונג איז צופרידן אַריינצוטרעטן אין פרידנס־פאַרהאַנדלונגען אויף באַדינגונגען פון עטנאָגראַפישע גרענעצן און אויף באַדינגונגען פון אָפּגעבן גאַנץ גאַליציע צו פּוילן. אין דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע האָט זיך אויפגעהויבן אַן אומדערהערטער טומל. דאָס מאָל זיינען אַלע געווען פאַר פרידן." *)

וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט מיטאַמאָל צו פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַ־ליסטן און זייער פּרעסע אין פרידנס־מלאכים? די רויטע אַרמיי האָט גוט אָנגעבראָכן די ביינער די „יאַסנע וועלמאָזשנע" גענעראַלן פון פּוילן.

מיר דאַרפן גוט געדענקען דעם דאָזיקן היסטאָרישן פאַקט. ער גיט אונז אַ שליסל צו דער טאַקטיק פון די אימפּעריאַליסטן און זייער פּרעסע בנוגע דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר אַלע צייטן.

אָבער די דאָזיקע געשרייען פון די אימפּעריאַליסטן האָבן ניט באַ־איינפלוסט און באַאיינפלוסן ניט די ליניע פון דער פרידלעכער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט. אין דער זעלביקער רעדע, אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די לעדער־אַרבעטער, האָט לענין געזאָגט:

„איר ווייסט, אַז מיט דעראָבערונגס־פּלענער האָבן מיר זיך ניט פאַרנומען. איך האָב אין אָנהויב פון מיין רעדע אונטער־שטראָכן, אַז אין אַפּריל 1920 זיינען מיר געשטאַנען צו מזרח פון מינסק און פאָרגעשלאָגן פרידן, אַבי צו ראַטעווען די אַרבעטער און פּויערים פון רוסלאַנד פון אַ נייער מלחמה. אָבער איינמאָל איז אויף אונז אַ מלחמה אַרויפגעצוואונגען געוואָרן — דאַרפן מיר זי פאַר־ענדיקן זיגרייך." **)

דער צוועק פון דער פרידלעכער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט איז איינצוהאַלטן און פאַרזיכערן פרידן. אָבער ווי יעדע פּאָליטיק, האָט זי אַ „פאָרזעצונג דורך אַנדערע מיטלען". מען דאַרף אָבער שטענדיק גע־דענקען דעם הויפּט־אונטערשייד צווישן דער פּאָליטיק פון די אימפּעריאַ־ליסטן און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד: די „פרידלעכע" פּאָליטיק פון די אימפּעריאַליסטן האָט אַלס אַ פאָרזעצונג רויבערישע אימפּעריאַליסטישע

*) לענין, „רעדע אויפן צוזאַמענפאָר פון לעדער־אַרבעטער", באַנד 25, ז. 400.
**) דאָרטן, זייט 402.

מלחמות, אַ מלחמה פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אַ פאָרזעצונג פון דער זעלביקער פרידלעכער פאָליטיק.

די פרידלעכע פאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד שטייט ניט אין קיין שום ווידערשפרוך צו די פערספעקטיוון פון אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה, צו וועלכער דער סאָוועטן־פאַרבאַנד דאַרף זיין גרייט, צו וועלכער דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיין גרייט. אויבערפלעכלעך קאָן זיך אויסדוכטן, אַז עפּעס שטימט ניט. מיר וועלן אָבער באַווייזן, אַז דאָ זיינען קיין ווידערשפּרוכן ניט פאַראַנען.

ווען לעניך האָט אין דער צייט פון דער דיסקוסיע וועגן ברעסט־ליטאָווסק דערקלערט אויפן 7טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, אַז יעדער פרידן איז נאָר אַן „איבעררייס פון אָטעם", כּדי צוצוגרייטן די כּחות פאַר מלחמה, האָט דאָס פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט זיך באַצויגן ניט נאָר צו ברעסט־ליטאָווסק, נאָר צו דער גאַנצער פרידלעכער פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַר־באַנד פאַר אַ גאַנצן היסטאָרישן פּעריאָד. די סאָוועטן־מאַכט האָט ניט קיין אילוזיעס וועגן דעם ענדגילטיקן דערפאָלג פון דער דאָזיקער פאָליטיק, וועגן דעם, אַז פרידן קאָן לאַנג אָנהאַלטן אונטער די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם. זי ווייס, אַז מלחמה קומט אָן, אַז די פאַרשאַרפטע אינער־לעכע און אויסערלעכע ווידערשפּרוכן טרייבן אומפאַרמיידלעך צו מלחמות צווישן די אימפּעריאַליסטן צווישן זיך און אויך צו אַ מלחמה צווישן די אימפּעריאַליסטן און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אָבער די סאָוועטן־מאַכט איז ניט היפּאָקריטיש, ווען זי רעדט וועגן פרידן. אין קעגנזאַץ צו די אימפּעריאַליסטישע לענדער, איז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד דאָס איינציקע לאַנד, וואָס פרידן איז איר היסטאָרישע אויפ־גאַבע. די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכן פרידן צווישן אַלע פעלקער. דער אידעאַל פון סאָציאַליזם, וואָס ווערט פאַר־ווירקלעכט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז פולשטענדיקע אַנטוויקלונג. דאָס וועט מעגלעך ווערן, ווען דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט וועט האָבן דעראָבערט די מאַכט. פאַרניכטן יעדע באַוואָפנטע מאַכט, מאַכן אַ סוף צו מלחמות איז די היסטאָרישע אויפגאַבע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער דאָזיקער אויפגאַבע דינט אין דעם איצטיקן פּעריאָד דער פרידן, ווייל ער איז, פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, די בעסטע צוגרייטונג צו דער מלחמה פאַר סאָציאַליזם. לעניך האָט דאָס ניט איינמאָל באַוויזן אין צענדליקער רעדעס און אַרטיקלען. ס'איז דעריבער דאָ ניטאָ קיין ווידערשפּרוכן. די היסטאָרישע אויפגאַבע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז פרידן. זי קעמפט פאַר

פרידן, איר פּאָליטיק איז אונטער אַלע אומשטענדן אַ פּאָליטיק פון פרידן. די דאָזיקע פּאָליטיק קאָן אונטער געוויסע באַדינגונגען „פאַרגעזעצט ווערן דורך אַנדערע מיטלען", דורך מלחמה, פאַר דעם זעלביקן צוועק — פרידן. פונקט להיפּוך דעם אימפּעריאַליזם, וועמעס פּאָליטיק איז מלחמה, וואָס קאָן „פאַרגעזעצט ווערן דורך אַנדערע מיטלען", דורך „פרידלעכע" מיטלען פאַרן זעלביקן צוועק — מלחמה.

דער קלאַסן־אינהאַלט פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער מלחמה באַשטייט נאָר אין אָט־דער פרידנס־פּאָליטיק פון ארבעטער־קלאַס, אין קאַמף צו פאַרווירקלעכן די היסטאָרישע קלאַסן־אויפגאַבע פון פּראָלע־טאַריאַט. ס׳איז פאַלש צו דענקען, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה איז נאָר אַ פאַרטיידיקונגס־מלחמה. מיר האָבן געזען פון בייישפּיל פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרטיידיקונגס־מלחמה קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אָנגריף־מלחמה און זי פאַרלירט דערביי ניט איר רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער. היסטאָריש, זיינען אַלע מלחמות פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער איצטיקער סטאַדיע פון דער וועלט־רעוואָלוציע, בא די איצטיקע כחות־פאַרהעלטניסן צווישן דער פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע און דעם אימפּעריאַליזם — פאַרטיידיקונגס־מלחמות. אָבער דער דאָזיקער פאַרטיידיקונגס־כאַראַקטער פון די רעוואָ־לוציאָנערע מלחמות פון פּראָלעטאַריאַט שליסט בשום אופן ניט אויס די מעגלעכקייט, אַז זיי זאָלן אָננעמען אַן אָנגריף־כאַראַקטער, פון סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט. פונקט אַזוי איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז בא אַ געענדערטער מיליטערישער און פּאָליטישער לאַגע זאָל די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור ניט אַריבערגיין אין אַן אָנגריף־מלחמה פאַרן סאָציאַליזם. ביידע מעגלעכקייטן וועלן ניט ענדערן דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון אַזאַ מלחמה.

לענין האָט געשריבן נאָך פאַר דער רעוואָלוציע:

„דער סאָציאַליזם קאָן ניט זיגן גלייכצייטיק אין אַלע לענדער. ער וועט פון אָנהויב זיגן אין איין לאַנד, אָדער אין עטלעכע לענ־דער; די איבעריקע וועלן אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט פאַר־בלייבן בורזשואַזע, אָדער האַלב־בורזשואַזע. דאָס דאַרף אַרויסרופן ניט נאָר רייבונגען, נאָר אויך אַ דירעקטע שטרעבונג בא דער בור־זשואַזיע פון די אַנדערע לענדער צו צעשמעטערן דעם זיגרייכן פּראָ־לעטאַריאַט פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה. אין אַזעלכע פאַלן וואָלט אַ מלחמה פון אונזער זייט געווען אַ געזעצלעכע און אַ גע־

רעכטע. דאָס וואָלט געווען אַ מלחמה פאַר סאָציאַליזם, פאַר דער באַפרייאונג פון אַנדערע פעלקער פון דער בורזשואַזיע." *)

פון דעם איז קלאָר, אַז די לעניניסטישע איינשטעלונג איז, אַז יעדע מלחמה פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור האָט אין זיך דאָס קערנדל פון פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מלחמה פאַר דער באַפרייאונג פון אַנדערע פעלקער. און די דאָזיקע טעאָריע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם היסטאָרישן גאַנג פון דער רוסישער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. לאָמיר ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן:

ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך, אין אָקטאָבער 1918, אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, האָט לענין אָנגעשריבן אַ בריוו צום „וציק" (אַלרוסלענדישער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט), וואו ער האָט דערקלערט:

„אין דייטשלאַנד האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ פּאָליטישער קריזיס. די פּאַניק און פאַרלאָרנקייט סיי פון דער רעגירונג, סיי פון אַלע עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן, האָט זיך אינגאַנצן אַרויסגעוויזן פאַרן גאַנצן פאָלק. די האָפענונגסלאָזיקייט פון דער מיליטערישער לאַגע און די אָפּוזיציע פון יעדער שטיצע פאַר די הערשנדיקע קלאַסן דורך די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן זיך גלייך אַרויסגעוויזן. דער דאָזיקער קריזיס באַדייט אָדער דער אָנהויב פון אַ רעוואָלוציע, אָדער, אין יעדן פאַל, אַז די מאַסן האָבן קלאָר אָנגעהויבן זען איר אומפאַרמיידלעכקייט און נאָענטקייט.

„. . . אָבער דער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד וועט ניט נאָר מיט אויפמערקזאַמקייט און באַגייסטערונג נאָכפאָלגן די געשעענישן — ער שטעלט די פראַגע וועגן אָנשטרענגען אַלע כחות צו העלפן די דייטשע אַרבעטער, וועמען עס שטייט פאַר די סאַמע שווערסטע נסיונות, דער סאַמע שווערסטער איבערגאַנג פון שקלאַפעריי צו פרייהייט, דער סאַמע פאַר'עקשנ'טער קאַמף מיט זיין אייגענעם און מיט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. דער דורכפאַל פון דייטשן אימפּעריאַליזם וועט באַדייטן אויף אַ געוויסער צייט אויך דער וואוקס פון דער חוצפּה, בעסטיאַלישקייט, רעאַקציע און דעראָבערונג־פאַרזוכן מצד דעם ענגליש־פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם.

„. . . דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרשטיין, אַז

*) לענין, „די מיליטערישע פּראָגראַם פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע", באַנד 19, זייט 325.

אינגיכן וועט זיך פון אים פאָדערן די גרעסטע קרבנות אין די אינ־טערעסן פון אינטערנאַציאָנאַליזם. עס דערנענטערט זיך די צייט, ווען די אומשטענדן קאָנען פאָדערן פון אונז הילף פאַר דעם דייטשן פאָלק, וואָס באפרייט זיך פון זיין אימפעריאַליזם, קעגן ענגליש־פראַנצויזישן אימפעריאַליזם.

„לאָמיר תיכף זיך אָנהויבן גרייטן. מיר וועלן באַווייזן, אַז דער רוסישער אַרבעטער קאָן אַ סך מער ענערגיש אַרבעטן, אַ סך מער אומאייגננוציק קעמפן און שטאַרבן, ווען ס'האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן איין רוסישער, נאָר אויך וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַר־בעטער־רעוואָלוציע." *)

דער דאָזיקער בריוו לענינס איז בשום אופן ניט געווען קיין ווידער־שפרוך צו זיין פאָליטיק אין ברעסט־ליטאָווסק. ער האָט פאָרגעשטעלט אַן אויסגעהאַלטענע פאָרזעצונג פון דער דאָזיקער פאָליטיק.

אַ צווייטן ביישפיל גיט אונז די פוילישע מלחמה, וואָס האָט זיך אין דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט אין אַן אָנגריף־מלחמה קעגן די גרויסע אימפעריאַליסטישע מלוכות פאַר סאָציאַליזם.

אָט איז לענינס אָפּשאַצונג:

„די פריערדיקע מלחמות זיינען אויך געווען מלחמות קעגן דעם אַנטאַנט, נאָר די דאָזיקע מלחמות זיינען געפירט געוואָרן אויף רוסי־שער טעריטאָריע קעגן די ווייס־גוואַרדייאישע רוסישע אָפיצערן און די פויערים, וואָס זיי האָבן מאָביליזירט. די דאָזיקע מלחמות האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין מלחמות, וואָס זאָלן אַ וואַקל טאָן דעם ווערסאַלער פרידן.

„. . . אָנגרייפנדיק פוילן, האָבן מיר דורך דעם אַליין אָנגע־גריפן דעם אַנטאַנט; פאַרניכטנדיק די פוילישע אַרמיי, פאַרניכטן מיר דעם ווערסאַלער פרידן, אויף וועלכן ס'האַלט זיך די גאַנצע סיסטעם פון די איצטיקע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען.

„אויב פוילן וואָלט געוואָרן סאָוועטיש, אויב די וואַרשעווער אַרבעטער וואָלטן באַקומען פון סאָוועטן־רוסלאַנד די הילף, וואָס זיי האָבן דערוואַרטעט, און וואָס זיי האָבן באַגריסט — וואָלט דער ווערסאַלער פרידן געווען פאַרניכטעט און די גאַנצע אינטערנאַציאָ־נאַלע סיסטעם, וואָס איז אויסגעקעמפט דורך די זיגן איבער

*) לענין, באַנד 23, זייט 215.

דייטשלאַנד, וואָלט איינגעפאַלן. פראַנקרייך וואָלט דעמאָלט ניט געהאַט קיין בופער־שטאַט, וואָס גרענעצט אָפּ דייטשלאַנד פון סאָוועטן־רוסלאַנד. זי וואָלט ניט געהאַט קיין טאַראַן (אַ ברעך־באַלקן —י. ס.) קעגן דער סאָוועטן־רעגירונג, זי וואָלט ניט געהאַט קיין האָפענונג צוריקצוקריגן אירע צענדליקער ביליאָנען און וואָלט געקומען צו אַ קאַטאַסטראָפע גיכער, ווי זי גייט צו איר איצט.״ *)

מיר זעען דעריבער, אַז די מלחמה מיט פּוילן האָט זיך ניט בלויז מיליטעריש פאַרוואַנדלט פון אַ פאַרטיידיקונגס־מלחמה אין אַן אָנגריף־מלחמה, נאָר אויך פּאָליטיש האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָנגריף־מלחמה קעגן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות און דעם ווערסאַלער פרידן, וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער הויפּט־פונדאַמענט.

די ווערסאַלער סיסטעם האָט פאַר אַ קורצן פּעריאָד, נאָך דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה, באַוויזן „איבערצוכאַפּן דעם אָטעם״. די טיילווייזע סטאַביליזאַציע פון קאַפּיטאַליזם צווישן 1921—1929 האָט מעגלעך געמאַכט פאַר די אימפּעריאַליסטישע מלוכות אָנצוהויבן זייערע פאָרבאַרייטונגען פאַר אַ נייער בלוטיקער מלחמה אין אַ פאַרזוך צו לייזן די פראַגן, וואָס ווערסאַל האָט ניט געלייזט און דער קאַפּיטאַליזם קאָן ניט לייזן. דער קריזיס האָט די דאָזיקע פראַגן פאַרשאַרפט און ווידעראַמאָל אַוועקגעשטעלט מלחמה אַפן טאָג־אָרדענונג. ס׳איז אָבער פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דער לאַגע ערב דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און דער לאַגע איצט, ערב דער נייער וועלט־מלחמה. איצט האָבן די קאָנקורירנדיקע גרופּן אימפּעריאַליסטן אַן אַלגעמיינעם קעגנער — דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס ווערט אַלץ מעכטיקער און שטאַרקער.

דער סאָוועטן־פאַרבאַנד העלפט אויפדעקן די מלחמה־פּאָליטיק פון די אימפּעריאַליסטן און דורכדעם אַליין שטערט ער זייער אַגרעסיווקייט. די פרידלעכע פּאָליטיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד גיט די אימפּעריאַליסטן ניט קיין געהעריקן אויסרייד פאַר דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַטאַקע אָף דער אַרבעטער־רעפּובליק און אָן אַזאַ אויסרייד האָבן די אימפּעריאַליסטן מורא פאַרן צאָרן פון די מאַסן, באַ וועלכע דער סאָוועטן־פאַרבאַנד קריגט מיט יעדן טאָג אַלץ מער פּרעסטיזש און אָנערקענונג, וועלכע הייבן אָן קוקן

*) לעני̇ן, „רעדע אָפן צוזאַמענפאָר פון לעדער־אַרבעטער״, באַנד 25, זייטן 401־402.

אף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי אף דער היים פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, פון אַלע אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע.

אָבער ניט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט פאַרגעסן, ניט מיר, די אַר־בעטער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דאַרפן פאַרגעסן לעניגס ווערטער:

„. . . די געשיכטע לערנט אונז, אַז קיין איין איינציקע גרויסע פראַגע, קיין איינציקע רעוואָלוציע איז ניט געלייזט געוואָרן אַנ־דערש, ווי דורך אַ ריי מלחמות. מען דאַרף זיין גרייט פאַר דעם, אַז באַ דער קלענסטער ענדערונג פון דער לאַגע, וועלן די אימפּעריאַ־ליסטישע רויבער זיך ווידער אַרויפוואַרפן אף אונז. מען דאַרף זיין גרייט פאַר דעם." *)

---

*) לעניג, „באַריכט צום 8טן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר", באַנד 26, זייט 30.

# פאַשיזם און מלחמה

אין אַ רעדע, וואָס מוסאָליני האָט געהאַלטן פאַר דעם נאַציאָנאַלן קאָונסיל פון פאַשיסטישע קאָרפּאָריישאַנס, אין נאָוועמבער 1933, האָט ער געמאַכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„מיר האָבן דערגרייכט אַ פּונקט, וואו אויב דער שטאַט זאָל זיך לייגן שלאָפן אויף 24 שעה, וואָלט דער צווישן געווען גענוג פאַר אַ קאַטאַסטראָפע צו קומען. פון איצט אָן איז ניטאָ קיין ספערע פון דער ווירטשאַפט, אין וועלכער דער שטאַט קאָן זיך פאַרגינען ניט אַריינצומישן. אויב מיר וועלן אָפּלייגן די לעצטע שעה פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, וועלן מיר דעמאָלט קומען צו מלוכה־קאַפּיטאַליזם, וואָס איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי מלוכה־סאָציאַליזם, איבערגעקערט פון אינעווייניק אין דרויסן. און דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דער קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדע־נונג אין זיין גאַנצער אוניווערזאַלער מיינונג."

דער אָנערקענטער פירער פון פאַשיזם, אויב איר ווילט, דער פאָטער פון פאַשיזם, האָט מורא, אַז ווען דער שטאַט — די גוואַלט־מאַכט פון דער בורזשואַזיע, זאָל זיך לייגן שלאָפן אויף 24 שעה, וועט קומען אַ „קאַטאַסטראָפע" — אַ רעוואָלוציע. מוסאָליני האָט דאָ געטאָן צוויי זאַכן: ער האָט, ערשטנס, געמוזט צוגעבן, וואָס קיינער קאָן מער ניט פאַרלייקענען, דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם און די נאָענט־קייט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע; און צווייטנס, אויף וואָס מען דאַרף דעם פאַשיסטישן שטאַט, זיין ספּעציפישע פונקציע אין דעם איצטיקן פּעריאָד פון אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך איבערגעלעבט. דער קריזיס האָט אינ־גאַנצן אָרונטערגעריסן דעם צוטרוי און דעם גלויבן פון די מאַסן אין קאַפּי־טאַליזם. די קאַפּיטאַליסטן קאָנען מען ניט אָנהאַלטן זייער מאַכט איבער די מאַסן דורך די אַלטע מעטאָדן פון קלאַסן־הערשאַפט. די דאָזיקע הער־שאַפט קאָנען זיי אָנהאַלטן בלויז אָפן שפּיץ פון באַגנעט, דורך ברוטאַלער מאַכט, דורך דער באַצווינגענדיקער מאַכט פון דעם מלוכה־אַפּאַראַט.

וועגן דער „דעמאָקראַטישער" פאָרם פון קאַפּיטאַליסטישער הער־שאַפט האָט לענין געזאָגט:

„אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, אונטער די גינסטיק־סטע באדינגונגען פון אנטוויקלונג, האָבן מיר אַ מער אָדער ווייניקער פולשטענדיקע דעמאָקראטיע אין דער דעמאָקראטישער רעפּובליק. אָבער די דאָזיקע דעמאָקראטיע איז אַלעמאָל באגרענעצט דורך דעם שמאָלן ראם פון קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע און בלייבט דעריבער אין דער ווירקלעכקייט אַ דעמאָקראטיע פאר אַ מינדער־הייט, פאר די באזיצנדיקע קלאסן בלויז, נאָר פאר די רייכע. די פרייהייט פון דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם בלייבט שטענדיק די זעלביקע, ווי די פרייהייט פון די גריכישע רעפּובליקן פון אַלטער־טום: אַ פרייהייט פאר די שקלאפן־באזיצער. די געדונגענע מאָ־דערנע שקלאפן, אַ דאַנק די באדינגונגען פון מאָדערנער שקלאפעריי פון קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע, פארבלייבן אַזוי דערדריקט דורך נויט און אָרימקייט, אַז זיי האָבן קיין אינטערעס ניט אין „דעמאָקראטיע" און „פּאָליטיק" און אין דעם געוויינטלעכן פריד־לעכן גאנג פון געשעענישן. די מאַיאָריטעט פון דער באפעלקערונג נעמט ניט קיין אָנטייל אין געזעלשאפטלעכן און פּאָליטישן לעבן."

די קאפּיטאליסטישע דעמאָקראטיע אין איר „פולשטענדיקער פאָרם" איז „דעמאָקראטיע פאר אַ מינדערהייט", „פאר די רייכע". מארקס, ענ־געלס, לענין, סטאלין האָבן באוויזן, אַז די קאפּיטאליסטישע דעמאָקראטיע מיינט באמת קאפּיטאליסטישע דיקטאטור, אַז דער קאפּיטאליסטישער שטאט, ווי דעמאָקראטיש ער זאָל ניט זיין, איז אין זיין עצם אַ פאר־קערפּערונג פון קאפּיטאליסטישער דיקטאטור.

„דעמאָקראטיע אונטערן קאפּיטאליזם איז בלויז קאפּיטאליסטישע דעמאָקראטיע, אַ דעמאָקראטיע פון אַן עקספּלואטירנדיקער מינדערהייט, וואָס באגרענעצט די רעכטן פון דער עקספּלואטירטער מערהייט — אַ דעמאָקראטיע, וואָס איז געווענדט קעגן דער דאָזיקער מערהייט" (סטאלין).

וואָס מער דער קאפּיטאליזם דערגרייכט אַ שטופע פון איבער־רייפ־קייט, אַלץ מער מוז ער זיך אָנשפּאַרן אויף דער ארמיי, אויף דער פּאָליציי און אויף דער גאַנצער מאָדערנער טעכניק פון אונטערדריקונג, כדי צו קאָנען בייקומען דעם ווידערשטאנד פון די ברייטע מאסן. די הערשאפט פון קאפּיטאליסטישן קלאס ווערט מעגלעך נאָר דורך אַ בלוטיקן טעראָר, וואָס אונטערדריקט ארבעטער־אָרגאניזאציעס—אין דער ערשטער ריי די רעוואָ־לוציאָנערע פּארטיי פון ארבעטער־קלאס, די קאָמוניסטישע פּארטיי—נאָר

דורך אַ געפּאַנצערטן פויסט איבער די פויערים אין דער היים און אין די קאָלאָניעס. קאַפּיטאַליסטישע „דעמאָקראַטיע" טרעט אָפּ דעם פּלאַץ צו פּאָליטישער רעאַקציע.

## וואָס איז פאַשיזם?

אָבער ניט געקוקט אויף דעם, וואָס טראָץ איז געוואָרן די סאַמע גע־וויינטלעכע פאָרם פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, האָט דער קאַפּי־טאַליסטישער קלאַס ניט באַוויזן צו קאָנסאָלידירן זיין הערשאַפט זינט די וועלט־מלחמה און די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָבן אָנ־געהויבן די עפּאָכע פון אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם. די הערשנדיקע פינאַנציעלע אָליגאַרכיע מאַכט דעריבער אַ פאַרצווייפלטן פאַרזוך נאָכמער צו פאַרשטאַרקן איר מלוכה־אַפּאַראַט, צו שאַפן אַזאַ מלוכה־אַפּאַראַט, וואָס זאָל האָבן אַלס זיין אויפגאַבע בייצוקומען די אינער־לעכע ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם דורך בלוטיקן טעראָר, דורך אונטערדריקן די וואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, דורך מאָביליזירן אַלע כחות פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה אין קאַמף קעגן די האָרעפּאַשנע מאַסן. פאַשיזם איז דער אויסדרוק פון דער דאָזיקער פּאָליטיק פון דעם רעאַקציאָנערסטן טייל פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אייג־צוהאַלטן דורך ברוטאַלן טעראָר די מאַכט אין די אייגענע הענט. פאַשיזם, דעריבער, איז אַ פּראָדוקט פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

אין דעם באַריכט צו דער אַכטער קאָנוועגשאָן פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי פון אַמעריקע האָט חבר אוירל בראַודער, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, געגעבן אַ קלאָרע און איינפאַכע דערקלערונג וועגן דעם כאַראַקטער און די צילן פון פאַשיזם:

> „וואָס איז פאַשיזם? אין דער רעזאָלוציע פון 13טן פּלענום פון אויספיר־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל ווערט פאַשיזם באַצייכנט, ווי די „אָפענע, טעראָריסטישע דיקטאַטור פון די סאַמע רעאַקציאָנערסטע, סאַמע שאָוויניסטישע און אימפּעריאַ־ליסטישע עלעמענטן פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל".
>
> „וואָס איז דער ציל פון פאַשיזם? דער ציל פון פאַשיזם איז — דורכפירן די פּאָליטיק פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס איז אויסן צו באַשיצן זיינע פּראָפיטן אויפן חשבון פון דעגראַדירן די לעבנס־סטאַנדאַרדס פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, צו צעשמעטערן מיט גוואַלט־מאַכט דעם ווידערשטאַנד פון דעם אַרבעטער־קלאַס,

צו אנטקעפן דעם ארבעטער-קלאס דורך דער פיזישער אויסראטונג פון זיינע פירנדיקע עלעמענטן, די קאמוניסטן.

„וואו געפינט דער פאשיזם זיין מאסן־באזע? צווישן דעם קליינבירגערטום — דורך דעמאגאגישע צוזאגן צו די פארצווייפלטע, רואינירטע פארמער, קרעמער, באלמעלאכעס, אפיס־ארבעטער און רעגירונגס־אנגעשטעלטע און באזונדער — די דעקלאסירטע און פארברעכערישע עלעמענטן אין די גרויסע שטעט. דער פאשיזם זוכט אויך אריינצודרינגען אין די מער־אפגעשטאנענע שיכטן פון די ארבעטער.

„דער פאשיזם קאן אבער ניט געווינען קיין מאסן־שטיצע דירעקט אין די רייען פון ארבעטער־קלאס. ער מוז זוכן אינדירעקטע שטיצע. אזא שטיצע געפינט ער אין דער פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי און צווישן דער ביוראקראטיע פון די רעפארמיסטישע טרייד־יוניאנס. די דאזיקע פירער באאיינפלוסן די מערהייט פון ארבעטער־קלאס און האלטן אפ די ארבעטער פון רע־וואלוציאנערן קאמף קעגן פאשיזם, וואס איז דער איינציקער מיטל צו באזיגן און פארניכטן דעם פאשיזם. אונטער דעם לאזונג פון פארטיידיקן די דעמאקראטיע און „אויסקלייבן די קלענערע צרה" פירן זיי די ארבעטער צו פאלגן און שטיצן די צוגרייטונגס־מיטלען פאר דער איינפירונג פון פאשיזם. אט דערפאר רופן מיר די דאזיקע פירער מיטן נאמען „סאציאל־פאשיסטן" און זייערע טעאריעס — סאציאל־פאשיזם." *)

מיר האבן געבראכט אט־דעם לענגערן אויסצוג פון חבר בראודערס באריכט צו דער אכטער פארטיי־קאנווענשאן, וואו ער האט זיך אפ־געשטעלט אף דער פראגע פאשיזם, ווייל ער גיט אונז אין א זייער פשוט׳ער און אין א קאמפאקטער פארם א פולשטענדיקן באגריף וועגן דעם עצם פון פאשיזם, וועגן זיין קלאסן־כאראקטער.

## פארוואס די סאציאל־פאשיסטן זוכן צו באהאלטן דעם קלאסן־כאראקטער פון פאשיזם

דער קלאסן־כאראקטער פון פאשיזם — די אפענע טעראריסטישע דיקטאטור פון דער פינאנץ־אליגארכיע איז אזוי קלאר אין די לענדער,

*) אוירל בראודער, באריכט צו דער אכטער פארטיי־קאנווענשאן.

וואו דער פאַשיזם געפינט זיך שוין בא דער מאַכט, אין איטאַליע, דייטש־לאַנד, פוילן, פינלאַנד, עסטרייך, יוגאָסלאַוויע, א. אַ. וו., אַז די שטיינער אויף די גאַסן דערציילן שוין וועגן דעם. אָבער אָט־דער גרונט־פאַקט ווערט באַוואוסטזיניק צעדרייט פון די פירער פון סאָציאַל־פאַשיזם, אונטער וואָס פאַר אַ מאַסקע זיי זאָלן זיך ניט באַהאַלטן.

די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זוכן צו מאַלן דעם פאַשיזם, ווי דאָס פאַרקערטע פון קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע; זיי זוכן איינ־צורייד̇ן די מאַסן, אַז קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיע קעמפט קעגן פאַ־שיזם; זיי זוכן איינצורייד̇ן די מאַסן, אַז פאַשיזם פאַרטרעט ניט פינאַנץ־קאַפּיטאַל, אַז ער איז ניבער אַ „רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג" פון די פאַר־אָרימטע מיטל־קלאַסן, וואָס איז געווענדט סיי קעגן פינאַנץ־קאַפּיטאַל, סיי קעגן אַרבעטער־קלאַס. אָטאָ באַוער מאָלט דעם דייטשן פאַשיזם, ווי אַן „איבער־קלאַסן־מאַכט", אָדער אַ „דיקטאַטור פון לומפּן־פּראָלעטאַריאַט", וואָס באַהערשט סיי דעם פּראָלעטאַריאַט, סיי די בורזשואַזיע, ווי „רעכט־לאָזיקע אונטערטאַנען".

די רעכטע און „לינקע" רענעגאַטן פון קאָמוניזם, טראָצקי און טאַל־היימער און זייערע אָנהענגער אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דאָ אין אַמעריקע די טראָצקיסטן און לאָווסטאָניסטן, שטעלן פאָר דעם פאַשיזם, ווי אַ מין באָנאַפּאַרטיזם, אָדער אַ קליינבירגערלעכע קאָנטר־רעוואָלוציע. די סאָציאַל־פאַשיסטן האָבן מיט דעם זיג פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד אָנגעהויבן צו פּריידיקן, אַז די דאָזיקע פאַסירונג מיינט די מפּלה פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַז זי מיינט אַ נייע סטאַבילי־זירונג פון קאַפּיטאַליזם, אַ נייע און לאַנגע ערא פון פאַשיסטישער רעאַקציע.*)

פאַרוואָס זוכן די סאָציאַל־פאַשיסטן צו פאַרקריפּלען דעם קלאָרן עצם פון פאַשיזם, צו באַהאַלטן זיין קלאַסן־כאַראַקטער?

זיי טוען דאָס דערפאַר, וואָס פאַר זיי איז וויכטיק אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן פון קאַמף קעגן דער הערשנדיקער בורזשואַזיע, וועמעס אינטערעסן זיי אַלע דינען. די פאַלשע באַגריפן העלפן זיי צעטומלען און פאַרפירן די אַרבעטער.

---

*) ווען דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק, זיינען פאָרגעקומען די נייסטע פאַסירונגען אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן פולשטענדיק באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון דער אָפּשאַצונג פון קאָמינטערן און באַוויזן די פאַלשקייט פון דער דאָזיקער טעאָריע.

די פאַלשע אידייע, אַז פאַשיזם איז דאָס פאַרקערטע פון קאַפּיטאַליס־טישער דעמאָקראַטיע, דינט אַ דאָפּלטן צוועק. קעגנשטעלנדיק איינע קעגן דער צווייטער, „דעמאָקראַטיע קעגן דיקטאַטור", פּרואוון די סאָציאַל־פאַשיסטן באַהאַלטן דעם פאַקט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיע איז נאָר אַ פאָרם פון קאַפּיטאַליסטישער דיקטאַטור, אידענטיפיצירנדיק אין דער זעלביקער צייט אין די מוחות פון די מאַסן די פאַשיסטישע דיקטאַטור מיט דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור; זיי פּרואוון דורך דעם אויך באַ־האַלטן דעם פאַקט, אַז קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיע איז ניט נאָר ניט קיין שונא פון פאַשיזם, נאָר אַז זי איז די מוטער פון פאַשיזם; אַז זי איז ניט די פאַרניכטערין, נאָר די שאַפערין פון פאַשיזם.

דורך פאַרקריפּלען דעם קלאַסן־עצם פון פאַשיזם העלפן די סאָציאַל־פאַשיסטן צובינדן די מאַסן צום רייטוואָגן פון קאַפּיטאַליסטישער דעמאָ־קראַטיע, וואָס ברענגט פאַשיזם. זייער טעאָריע באַצוועקט צו באַרעכטיקן די טאַקטיק פון „קלענסטן איבל", וואָס האָט געבראַכט דעם פאַשיזם אין דייטשלאַנד. אין דייטשלאַנד האָט די דאָזיקע טעאָריע געמיינט שטיצן ברינינגען, הינדענבורגן, פאָן פאַפּענען און שלייכערן מיט זייערע „נויטפאַל־דעקרעטן", וואָס זיינען געווען געווענדט קעגן די אַרבעטער, און וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דעם היטלער־רעזשים. מען האָט גערופן די אַרבעטער צו „קעמפן קעגן פאַשיזם" דורך שטיצן די מענטשן און מיטלען, וואָס האָבן איינגעפירט פאַשיזם.

און די טעאָריע, אַז פאַשיזם איז אַ „רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג" פון קליינבירגערטום, דינט די אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן פינאַנץ־קאַפּי־טאַל אַלס מיטל איינצוהאַלטן דעם קאָנטראָל איבער די מיטל־קלאַסן. אַנ־שטאָט אויפצוקלערן די מיטל־קלאַסן, אַז די לייזונג פון זייערע פּראָבלעמען איז פאַרבונדן מיט דעם קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס קעגן דער קאַפּיטאַליס־טישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און אַריבערגעווינען זיי אַלס שותפים פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, שאַפט די דאָזיקע טעאָריע אילוזיעס בא די מיטל־קלאַסן, טיילט אָפּ די אַרבעטער פון די אַנדערע עקספּלואַטיר־טע פון קאַפּיטאַליזם קלאַסן און פירט צו דעם, אַז די אַרבעטער זאָלן שטיצן די פאָרשטייער פון קאַפּיטאַליזם, כדי זיך כלומרשט אויסצוהיטן פון דער „דיקטאַטור פון לומפּן־פּראָלעטאַריאַט". אין דייטשלאַנד האָט מען געראַטן די אַרבעטער צו שטיצן הינדענבורגן קעגן היטלערן, אין עסטרייך — דאָלפוסן קעגן די נאַציס, א. אז. וו.

פונקט אַזוי העלפט די דריטע טעאָריע פון די סאָציאַל־פאַשיסטן, די

טעאָריע, אַז מיר זיינען אַריינגעטראָטן אין אַ נייער עפּאָכע פון קאַפּי־טאַליסטישער סטאַביליזאַציע אָפּן באָדן פון פאַשיסטישער רעאַקציע, דעם הערשנדיקן קלאַס. די דאָזיקע אידייע העלפט דעם פאַשיזם צו פאַר־שפּרייטן צווישן די אַרבעטער אַ שטימונג פון פּאַניק, דעפּיטיזם און פּאַסיוויקייט. זי שאַפט אַ נייגונג אָנצונעמען דעם פאַשיזם פאַטאַליסטיש, ווי אַ זאַך, וואָס איז אומפאַרמיידלעך, קעגן וועלכער עס איז נוצלאָז צו קעמפן.

אָבער דער פאַקט, וואָס דער פאַשיזם האָט געזיגט אין אַ לאַנד פון אַזאַ מעכטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי דייטשלאַנד, פאָדערט צו קאָנ־צענטרירן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און אַלע כחות פאַרן קאַמף קעגן פאַשיזם. דאָס קאָן געטאָן ווערן, ווען מיר האָבן אַ ריכטיקע פאָרשטעלונג, אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם באַדייט פון דעם וואוקס פון פאַשיזם.

וואָס באַדייט דער וואוקס פון פאַשיזם? אמת, אַז דער פאַשיזם איז אַ שטאַרקער קלאַפּ די אַרבעטער; אמת, אַז דער פאַשיזם לאָזט לויז יעדע שוואַרצע, רעאַקציאָנערע מאַכט קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס און פּרוּווט פאַרניכטן פיזיש זיין אַוואַנגאַרד, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָבער דער וואוקס פון פאַשיזם באַצייכנט הויפּטזאַכלעך דעם פאַקט, אַז „די קאַפּיטאַליסטן זיינען מער ניט בכח איינצוהאַלטן זייער דיקטאַטור דורך די אַלטע מעטאָדן פון פּאַרלאַמענטאַריזם, און בכלל פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע; נאָכמער — די מעטאָדן פון פּאַרלאַמענטאַריזם און פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע ווערן אַ שטערונג פאַר די קאַפּיטאַליסטן, סיי פאַר דער אינערלעכער פּאָליטיק (קאַמף קעגן פּראָלעטאַריאַט), ס י י פ אַ ר ד ע ר א ו י ס ע ר ל ע כ ע ר פּ אָ ל י ט י ק — מ ל ח מ ה פ אַ ר ד ע ר א י מ פּ ע ר י אַ ל י ס ט י ש ע ר א י ב ע ר ט יי ל ו נ ג פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט.” (טעזיסן פון 13טן פּלענום פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.)

אַף דעם פאַשיזם אַלס אַן אויסדרוק פון דער פאַרשאַרפטער מלחמה־געפאַר וועלן מיר זיך איצט אָפּשטעלן אַ ביסל מער גענוי.

## פאַשיזם מיינט אימפּעריאַליסטישע מלחמה

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל באַוויזן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע וועלט גרייט זיך צו אַ צווייטער וועלט־מלחמה. אימפּעריאַליסטישע צו־גרייטונג צו מלחמה פאָדערט ניט נאָר אַ מאָביליזאַציע פון אַלע עקאָ־נאָמישע און מיליטערישע כחות, ניט נאָר אַן אונטערדריקונג פון יעדער פאָרם פון אָפּאָזיציע, נאָר אויך אַן אידעאָלאָגישע מאָביליזאַציע פון ברייטע

מאסן פאר דער מלחמה. אמת, דער אלטער קאפיטאליסטישער פראָ־פאגאנדע־אפאראט האָט אויך געטאָן די דאָזיקע ארבעט מיט א ברען און גאנץ דערפאָלגרייך. מיר געדענקען נאָך די כוואַליע פון נאציאָנאליזם און שאָוויניזם, וואָס האָט זיך אריבערגעטראָגן איבער אלע לענדער באַם אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, אויפגעבלאָזן פון דער קאפי־טאליסטישער פרעסע, קירך, טריבונע און אלע אנדערע מיטלען פון פראָ־פאגאנדע; מיר געדענקען נאָך, ווי אזוי די אמעריקאנישע „פאציפיס־טישע" פרעסע, וואָס האָט ערשט מיט א טאָג פריער געטרומייטערט און געזונגען ווילסאָנען לויב־געזאַנגען, דערפאַר וואָס „ער האָט אונז פארהיט פון מלחמה" („הי קעפּט אָס אוט אָף וואָר"), האָט איבערנאכט אנטוויקלט א מאָרד־פאטריאָטיזם, וואָס האָט זיך ניט געהאַט מיט וואָס צו שעמען קעגן די בעסטע מוסטערן פון דער דאָזיקער קונסט צו באווירקן די מאסן. פאר דעם אימפעריאליזם פון אונזערע צייטן זיינען אָבער ניט גענוג די אלטע פאָרמען סיי פון פראָפּאגאנדע, סיי פון פאָליציי־אונטערדריקונג. דער פאשיזם מאכט א פארזוך צו שאפן א „פילאָזאָפיע", וואָס זאָל גלאָריפיצירן און באַרעכטיקן אימפעריאליסטישע מלחמה.

היטלערס טעאָרעטיקער און הויף־פילאָזאָף, ראָזנבערג, פארטייטשט די פראָגראם פון דער נאצי־פארטיי. דער ערשטער און דריטער פונקט פון דער דאָזיקער פראָגראם לויטן: „מיר פאָדערן די פאראייניקונג פון אלע דייטשן . . . אין א גרויסער דייטשלאנד," „מיר פאָדערן ערד און באָדן (קאָלאָניעס) צו שפּייזן אונזער באפעלקערונג און פארצערן זיין איבער־פלוס". דערקלערט ראָזנבערג די דאָזיקע פונקטן: די לאגע אין דייטשלאנד איז „א ווידערשפּרוך צו א נאטירלעכער וועלט־אָרדענונג". די דאָזיקע לאגע קאָן געלייזט ווערן „אָדער דורך דעם אונטערגאנג פון דייטשלאנד, אָדער דורך א פאָלקס־מלחמה . . . דערווייל איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו באשטימען גענויער די אייראָפּייאישע, אָדער אויסער־אייראָפּייאישע טעריטאָריעס, וואָס געהערן דער דייטשער קאָלאָניזאציע. מען קאָן בלויז זאָגן, אז אין יעדן פאל דארפן זיך פאראייניקן אלע דייטשן אין אייראָפּע, אריינגערעכנט די דייטשן פון פויליש־טשעכישן מזרח . . . אָבער אויב . . . בא דעם וועלן פאָרקומען קריגערייען מיט שכנה׳שע פעלקער, וועט יעדעס לאנד צום ווינציקסטנס וויסן, אז עס קעמפט פאר נאציאָנאלע נויטן." *)

---

*) ראָזנבערג, „דער תוך, די גרונטלאַגן און צוועקן פון דער נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי".

פאַן פאַפּען, היטלערס געהילף־קאַנצלער, האָט אין אַ רעדע, דעם 15טן מאַי, 1933, אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע פאַשיסטישע פילאָזאָפיע:

„אַ פילאָזאָף האָט געזאָגט: דער מאַן איז ניט קיין מאַן, וואָס איז ניט קיין פאָטער; ס'איז נאָך מער אמת, אַז זי איז ניט קיין פרוי, וואָס איז ניט קיין מוטער. דאָס אויפהאַלטן פון אייביקן לעבן פאָדערט אַ קרבן פון דעם איינצלנעם. מוטערס מוזן זיך אויס־שעפּן, כדי צו געבן לעבן די קינדער. פאָטערס מוזן קעמפן אַפן שלאַכטפעלד, כדי צו פאַרזיכערן די צוקונפט פון זייערע זין."

און היטלערס רעכטע האַנט, גערינג, דערקלערט די אויפגאַבע פון „דייטשנטום":

„פאַר די לעבעדיקע איז אַ הייליקע פליכט דורכצופירן די מיסיע, פאַר וועלכער דייטשן האָבן אוועקגעגעבן זייערע לעבנס אין דער מלחמה. אויב מען קאָן קיין אַנדער וועג ניט געפינען, מוזן זיי זיין גרייט אויסצוקויפן מיט בלוט אַ צוזאָג, געשריבן אין בלוט."

היטלער אַליין גיט צו פאַרשטיין אין „מיין קאַמף":

„אַ פאַרבאַנד, וועמעס צוועק עס שליסט ניט איין די אויס־זיכטן פון מלחמה, איז ווערטלאָזיקע פּלאַפּלעריי."

גערינג, ווידער, אין אַן אינטערוויו מיט אויסלענדישע קאָרעספּאָנ־דענטן, וואו ער האָט זיי געזוכט צו דערקלערן, וואָס עס מיינט פאַשיסטי־שער סאָציאַליזם, האָט אָט־וואָס צו זאָגן:

„נאַציאָנאַליזם איז געווען אַ דינסט דער אויסערלעכער פּערי־פעריע פון רייך. סאָציאַליזם — אַ דינסט דער נאַציע אין דער היים. ווען 65 מיליאָן מענטשן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דייטש־לאַנד, האָבן געלעבט אין אַ קליינעם פּלאַץ, האָט קיין זינען ניט געהאַט צו מאַכן אַ פאַרזוך צו לייזן די סאָציאַלע פּראָבלעמען, דער־פאַר וואָס די גרונט־באַדינגונגען פאַר אַ לייזונג האָבן געפעלט. די באַדינגונג פאַר דער לייזונג פון די סאָציאַלע פּראָבלעמען אין דער היים איז אויפצובויען די אויסערלעכע מאַכט, וואָס וועט שאַפן פּלאַץ פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם איינצעלנעם און פון דער נאַציע אַלס אַ גאַנצע."

אָבער ניט בלויז דער דייטשער פאַשיזם, מוסאָלינים איטאַליענישער פאַשיזם בויט אויף מלחמה, זוכט צו באַגרינדן אימפּעריאַליסטישע מלחמה. אין איינעם פון די ערשטע אַרטיקלען, וואָס מוסאָליני האָט געשריבן באַלד

נאָכדעם ווי ער האָט געגרינדעט זיין צייטונג, „פּאָפּולאָ ד׳איטאַליאַ״, לייענען מיר דעם פאָלגנדיקן לויב־געזאַנג פאַר מלחמה:

„דריי מאָל הורא פאַר מלחמה! וועט מען מיר דערלויבן אויפצוהויבן דעם דאָזיקן געשריי? דריי מאָל הורא פאַר איטאַליע׳ס מלחמה, נאָבל און שיין איבער אַלץ, מיט אירע 5 טויזנט טויטע, וואָס זיינען אונזערע זיכערסטע אוצרות. און דריי מאָל הורא פאַר מלחמה אין אַלגעמיין!״

און מוסאָליני הערט ניט אויף איינצוחזר׳ן מיט דעם עולם: מלחמה.

„אימפּעריאַליזם איז דער אייביקער און אומגעענדערטער געזעץ פון לעבן . . . פרידן איז, דעריבער, אַבסורד, אָדער בעסער, אַן איבעררייס אין מלחמה . . . איך באַטראַכט דאָס איטאַליענישע פאָלק אין אַ פּערמאַנאַנטן צושטאַנד פון מלחמה, און איך חזר איבער, אַז די נעקסטע פינף אָדער צען יאָר זיינען אַנטשיידנדיק פאַר דעם גורל פון אונזער פאָלק . . . מיר מוזן זיין גרייט צו יעדן מאָמענט צו מאָביליזירן 5 מיליאָן מענטשן און זיין אומשטאַנד זיי צו באַוואָפענען: מיר מוזן פאַרשטאַרקן אונזער פלאָט און אויך אונזער אַוויאַציע, אין וועלכער איך גלויב אַלץ מער און מער, און וואָס מוז זיין אַזוי גרויס אין צאָל, אַז דאָס ברומען פון די מאָטאָרן זאָל קאָנען דערטרינקען יעדן אַנדער טומל אָפּן האַלבן אינזל און די פלאַך פון די פליגלען זאָל באַהאַלטן די זון פון אונזער לאַנד.״

מיר וואָלטן געקאָנט ברענגען נאָך צענדליקער פּערלען פון דעם זעלביקן מין סיי פון דייטשן, סיי פון איטאַליענישן פאַשיזם. אָבער בלויז נאָך צוויי אויסצוגן, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש:

„די נאַציע געניסט אַ דירעקטע און זייער טיפע איינינקייט מיט גאָט . . . ס׳איז פאַראַן דייטשעס אין דער פלעמישער נשמה, דייטשלאַנד אין די נאָוועלן פון סערוואַנטעס, דייטשלאַנד אין די דראַמען פון שעקספּיר. דייטשלאַנד איז דער צענטער פון דער וועלט און די וועלט קאָן ניט עקזיסטירן אָן דייטשלאַנד. דייטשלאַנד איז די קעניגרייך פון גאָט.״

אַזוי שרייבט אַ נאַצי־טעאָרעטיקער, פראַנץ שאָנוועכער. פאַרגלייכט עס מיט די אויסגוסן פון אַן איטאַליענישן פאַשיסט, אָרדענג סאַפּאַצי:

„די גרעסטע דערנידערונג, נאָכדעם ווי מיר האָבן בייגעוואוינט די מאָדע פון דייטשע סחורות צווישן אונז, וואָס איז צום גליק געענדיקט, איז צו זען אייראָפּע היינט צו טאָג אין די הענט פון די

פירער פון דער אנגלאָ־זאַקסישער ראַסע. צו זען אונז די אַלטערטימ־לעכע לאַרדן פון אַלע צייטן, איטאַליע און פראַנקרייך (ספּעציעל אי־טאַליע) די אייביקע דורכלייטער פון זונען־ליכט און ציוויליזאַציע, די שעפער פון אידייען, פאָרמען און ציווילע טראַדיציעס — פון אַלץ וואָס איז גרויס און גלאָררייך אין דער וועלט — הענגענדיק אָפּ די ליפּן פון גרויסע גאַרנישטן און פון ווילדע, וואָס זיינען קוים ציוויליזירט. . . ."*)

דער אומבאַגרענעצטער שאָוויניזם פון פאַשיזם, די ראַסן־טעאָריעס, וואָס דער פאַשיזם אַנטוויקלט — דאָס אַלץ דינט איין צוועק: אידעאָ־לאָגיש אריבערגעווינען און צוגרייטן די מאַסן פאַר דער קומענדיקער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה.

דורכן פאַשיזם האָפט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס צו פאַרניכטן די געפאַר פון רעוואָלוציע בא זיך אין דער היים, און אידעאָלאָגיש צוגרייטן די מאַסן צו דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, דורך וועלכער ער האָפט צו פאַרניכטן די זיגרייכע רעוואָלוציע אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, און דורך אַ באַוואָפנטער איבערטיילונג פון דער וועלט — צו געפינען אַן אויסוועג פון קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

קאָן דער קאַפּיטאַליזם דורכפירן די דאָזיקע פּראָגראַם, קאָן דער פאַשיזם ראַטעווען דעם קאַפּיטאַליזם?

ס'איז ניט ריכטיק, אַז מיט דער הילף פון פאַשיזם האָט זיך דעם קאַפּיטאַליזם איינגעגעבן צו באַפעסטיקן זיין לאַגע און זיך סטאַביליזירן. מיר ווייסן, אַז די אַלע מיטלען, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט ביז איצט אָנגענומען, זיינען ניט געווען בכח צו סטאַביליזירן דעם קאַפּיטאַליזם; פאַרקערט, זיי האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט אַלע זיינע איינגעבוירענע אינערלעכע און אויסערלעכע ווידערשפּרוכן. מיר ווייסן, אַז דער היטלער־פאַשיזם האָט שוין דערפירט דייטשלאַנד צום שוועל פון באַנקראָט, אַז דער איטאַליענישער פאַשיזם ראַנגלט זיך און קאָן ניט בייקומען דעם שווערן קריזיס אין איטאַליע. דער אויסצוג פון דער רעדע פון מוסאָליניִן, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט, איז פאַר דעם דער בעסטער באַווייז.

די כוואַליע פון פאַשיזם איז ניט קיין צייכן פון שטאַרקייט, נאָר אַ צייכן פון דער שוואַכקייט און ניט־סטאַבילקייט פון דער גאַנצער קאַפּי־

*) די ציטאַטן זיינען גענומען פון דזשאָן סטרייטשי'ס בוך, "די געפאַר פון פאַשיזם".

טאליסטישער סיסטעם, וואס די בורזשואזיע זוכט צו באפעסטיקן דורך פארשטארקן און פארגרעסערן די מלוכה־מאשין און דורך אונטערדריקן מיט פאשיסטישע מעטאדן דעם ווידערשטאנד פון די מאסן קעגן דעם קאפיטאליסטישן פארזוך ארויפצולייגן אף זייערע פלייצעס די גאנצע לאסט פון קריזיס. ניט פון גרויס פארגעניגן און וואוילטאג האט די בורזשואזיע אנגענומען די מעטאדן פון אפענער פאשיסטישער טעראריסטישער דיקטאטור. דאס איז איר איינציקע האפענונג. דער אלטער קאפיטאליסטישער מלוכה־אפאראט האט שוין פארלארן די מאכט צו קאנען באגעגענען די וואקסנדיקע רעוואלוציאנערע כוואליע, וואס דראעט ארפצושווענקען די גאנצע קאפיטאליסטישע סיסטעם. דער קאפיטאליזם קאן זיך נאך האלטן בלויז אפן שפיץ פון באגנעט.

אבער אפן שפיץ פון באגנעט קאן א נעזעלשאפטלעכע ארדענונג זיך לאנג ניט האלטן. לאמיר זיך דערמאנען די געשיכטע פון בלוטיקן צאריזם אין רוסלאנד; לאמיר זיך דערמאנען די געשיכטע פון דעם בלוטיקן טעראר פון טשיאנג קאי־שעק אין כינע, וועלכער האט דאך ניט באוויזן צו פארניכטן די רעוואלוציאנערע באוועגונג אין כינע און צוריקהאלטן דעם וואוקס פון דער זיגרייכער כינעזישער סאוועטן־רעפובליק; לאמיר זיך דערמאנען, אז דעם בלוטיקן היטלער־פאשיזם האט זיך ניט איינגעגעבן צו פארניכטן די דייטשע קאמוניסטישע פארטיי, וואס לעבט און קעמפט אונטער דעם שוידערלעכסטן טעראר און גרייט צו די כחות פאר אן ענדגילטיקן קאמף קעגן פאשיזם און קעגן דער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם אין דייטשלאנד. ווארים עס איז ניט ריכטיק, אז דער פאשיזם שאפט נאר שוועריקייטן פאר דער רעוואלוציאנערער אנטוויקלונג. ער טוט ביידע זאכן: ער ווירקט, אז די רעוואלוציאנערע אנטוויקלונג זאל פון איין זייט געשטערט ווערן, אבער פון דער אנדער זייט פארשנעלערט ווערן.

אפילו דער פאשיסטישער טעראר, אין די באדינגונגען פון א צעפאלנדיקער געזעלשאפטלעכער סיסטעם, קאן לאנג ניט אפהאלטן די מאסן פון אקטיוון קאמף, פון אקטיווע ארויסטרעטונגען קעגן קאפיטאליזם. דער טעראר רופט ארויס צארן און ווידערשטאנד אפילו בא דער מערהייט פון די ארבעטער, וואס זיינען פריער געווען פארפירט פון דער סאציאלדעמאקראטיע, און אפילו בא די ווייניק־באוואוסטזיניקע ארבעטער, וואס זיינען פריער געווען ווייט פון פאליטישן לעבן פון ארבעטער־קלאס און זיינע פאליטישע קאמפן. די קאמוניסטישע פארטייען אין די פאשיס־

טישע און האַלב־פאַשיסטישע לענדער דאַרפן נאָר פאַרשטיין ווי אַזוי אויסצונוצן די דאָזיקע גינסטיקע באַדינגונג, וואָס דער פאַשיזם שאַפט.

אַפילו די פאַשיסטישע דעמאַגאָגיע קאָן האָבן אַ צווייפאַכיקע ווירקונג. קעגן דעם ווילן פון די פאַשיסטן קאָן זי אונז העלפן פאַרניכטן די מאָראַלע באַזע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, דיסקרעדיטירנדיק דעם בורזשואַזן געזעץ אין די אויגן פון די מאַסן, פאַרניכטנדיק די אילוזיעס אין פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע און אין פרידלעכער עוואָלוציע, אין אַ „פרידלעכן אַריינוואַקסן" אין סאָציאַליזם, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע הערט ניט אויף צו פּריידיקן. די נייע אילוזיעס, וואָס דער פאַשיזם רוקט אַרויס (קליינע פּריוואַט־אייגנטום, אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, א. אז. וו.) קאָן מען אויפדעקן אַפן ביישפּיל פון די מעשים פון די פאַשיסטישע הערשער, אַפן ביישפּיל פון זייער פּאָליטיק אין די אינטערעסן פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל און פון די גרויסע לאַנד־אייגנטימער.

די סאָציאַלע מאַסן־באַזע פון פאַשיזם, אויף וועלכער דער קאַפּיטאַליזם זוכט זיך אָנצושפּאַרן אין זיין בירגער־קריג קעגן אַרבעטער־קלאַס, איז אויך ניט קיין פעסטע. דער פאַשיזם קאָן ניט דורכפירן קיין איינציקן פון די צוזאָגן, וואָס ער האָט געגעבן די מיטל־קלאַסן; פאַרקערט, זיין הערשאַפט פאַרשנעלערט די רואינע פון די דאָזיקע קלאַסן, שאַפנדיק אַ באָדן פאַר אַריבערגעווינען זיי אויף דעם צד פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, וואָס איז די סיבה פון זייער רואינע.

אָט־די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוון שרעקן ניט נאָר די פאַשיסטן, נאָר אויך זייערע שותפים, די סאָציאַל־פאַשיסטן. דערפאַר זוכן די סאָציאַל־פאַשיסטן צו אַנטוויקלען בא די מאַסן אידייען און באַגריפן, וואָס זאָלן פּאַראַליזירן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם; דערפאַר דערלאָזן זיי ניט צו פאַראייניקן די אַרבעטער־מאַסן אין קאַמף קעגן פאַשיזם; דערפאַר שטערן זיי יעדע פאַראייניקטע פראָנט־אַקציע קעגן פאַשיזם. מיר זיינען אַלע באַקענט מיט דער פאַרברעכערישער טעטיקייט פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין ברעכן און שטערן דעם פאַראייניקטן פראָנט פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער קעגן פאַשיזם. די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פירט דאָ דורך די אַלגעמיינע פּאָליטיק פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

„אין אַמעריקע" — האָט חבר אוירל בראַודער געזאָגט אין זיין

באריכט צו דער אכטער פּאַרטיי־קאָנוועגשאָן — „ווערט דער פּאַ־שיזם צוגעגרייט אין עצם לויט דער זעלביקער ליניע, ווי ער איז צוגעגרייט געוואָרן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

„די סאָציאַליסטישע פּירער און די פּירער פון דער אמעריקאַן פעדרעיישאָן אָוו לייבאָר גייען אין עצם אויף דעם זעלביקן וועג ווי זייערע ברידער אין אייראָפּע. אָבער די אמעריקאַנער ארבעטער האָבן דעם גרויסן פאָרצוג צו האָבן פאַר זייערע אויגן דעם לעבעדיקן ביישפּיל פון די געשעענישן אין אייראָפּע. לויט די רעזולטאַטן קאָנען זיי אורטיילן וועגן דעם אמת'ן באַדייט פון דער פּאָליטיק, וואָס מען שלאָגט זיי פאָר צו פאָלגן. דעריבער איז עס פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר יעדן אַרבעטער אין אמעריקע צו שטודירן און גרינטלעך פאַרשטיין די דערפאַרונגען פון אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים."

דער אַנאַליז פון דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון פאַשיזם און די רעוואָ־לוציאָנערע פּערספּעקטיוון, וואָס דער 13טער פּלענום פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט אונז געגעבן, העלפן אונז זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די „דערפאַרונגען פון אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים", העלפן אונז צו מאָביליזירן די כחות פון אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף קעגן פאַשיזם.

אין דעם דאָזיקן קאַמף קעגן דער צעיושעטער נאַציאָנאַליסטישער און שאָוויניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס ווערט באַנוצט פון פאַשיזם אין צוגרייטונג פאַר אימפּעריאַליסטישער מלחמה, מוזן מיר, ספּעציעל אידישע אַרבעטער, געדענקען, אַז כדי צו קאָנען פירן אַ דערפאָלגרייכן קאַמף קעגן פאַשיזם, מוזן מיר באַקעמפן דעם אידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס ווערט איצט שטאַרק אויפגעבלאָזן אין פאַרבינדונג מיט דעם זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם פון די נאַציס אין דייטשלאַנד. מער ווי ווען גיט איז פריער מוזן מיר קלאָר מאַכן פאַר די מאַסן די לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד; מער ווי ווען ניט איז פריער מוזן מיר באַקענען די מאַסן מיט די ריזיקע דערגרייכונגען, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קול־טורעלע, פון די געוועזענע אונטערדריקטע פעלקער אין צאַרישן רוסלאַנד אונטער דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור; מער ווי ווען ניט איז פריער מוזן מיר אָנווייזן, אַז דער וועג פון די פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דער איינציקער וועג, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צום נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, צו נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג פון איין פאָלק דורך אַ צווייטן.

# דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל און אימפּעריאַליסטישע מלחמות

אין גרויסע היסטאָרישע אַנטוויקלונגען, האָט אַמאָל מאַרקס געשריבן, זיינען 20 יאָר ווי איין טאָג, כאָטש ס'קאָנען שפּעטער אָנקומען טעג, אין וועלכע ס'וועלן אַריינגעפּאַקט ווערן צו 20 יאָר אין אַ טאָג. אין די יאָרן זינט דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה זיינען געווען אַ סך אַזעלכע טעג. דעם ערשטן פּלאַץ אין די דאָזיקע טעג פאַרנעמט דער 25טער אָקטאָבער (7טער נאָוועמבער) 1917, דער טאָג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; אָבער ניט דעם לעצטן פּלאַץ פאַרנעמט דער 4טער מערץ 1919, דער טאָג פון דער גרינדונג פון דער דריטן, קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז געבאָרן געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון די גרויסע געשעענישן און דעם גרויסן קאַמף קעגן אָפּאָר־טוניזם, וואָס לענין און די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעפירט אין די יאָרן פון דער מלחמה, אָבער די קערנדלעך פאַר דעם אויפבוי פון דער נייער נאָכ־מלחמה'דיקער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַ־וועגונג, פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָבן פאַרזייט מאַרקס און ענגעלס; זיי האָבן אויסגעלייגט די ציגל פאַר דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן ס'איז געוואָרן מעגלעך אויפצובויען די געביידע פון דעם גענעראַל־שטאַב פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע.

## פונעם ערשטן ביזן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן גע־גרינדעט און געפירט, איז געבאָרן געוואָרן אין אַ קאַמף פון מאַרקסיזם מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע טעאָריעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער מאַרקסיזם האָט ניט מיט איינמאָל באַפעסטיקט זיין פּאָזיציע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דעם משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט ער געקעמפט מיט טעאָריעס, וועלכע זיינען אים געווען אינגאַנצן פיינטלעך.

אין דעם ערשטן העלפט פון די 40ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָבן מאַרקס און ענגעלס פאַרענדיקט מיט דעם ראַדיקאַליזם פון די יונגע העגעליאַנער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון פילאָ־זאָפישן אידעאַליזם; צום סוף פון די פערציקער יאָרן הויבט מאַרקס אָן

זיין קאַמף קעגן די פאַלשע עקאָנאָמישע טעאָריעס פון פּרודאָנען, וואָס האָבן צו יענער צייט געהאַט אַ שטאַרקן אָנהאַלט אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער דאָזיקער קאַמף פאַרענדיקט זיך אין די 50ער יאָרן. אין די 60ער יאָרן פירן מאַרקס און ענגעלס אַ לאַנגן און ביטערן קאַמף קעגן די קליינבירגערלעכע אַנאַרכיסטישע טעאָריעס פון באַקונינען, וואָס גע־פינען אָנהענגער אין די רייען פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. דער דאָזיקער קאַמף פאַרענדיקט זיך מיט פאַריאָגן דעם באַקוניניזם פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין די 70ער יאָרן אַנטוויקלט זיך אַ קאַמף קעגן דיורינגאַנ־סטוואָ אין דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער צו יענער צייט האָט שוין דער מאַרקסיזם פולשטענדיק געזיגט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס די וויסנשאַפטלעכע טעאָריע פון סאָציאַליזם, אויף וועלכער ס'ווערט געבויט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג. די דאָזיקע קאַמפן האָבן אַוועקגעלייגט די טעאָרעטישע באַזע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט לענינס קאַמף אַרויסצוטרייבן דעם אָפּאָרטוניזם פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, לענינס אינטערנאַציאָ־נאַל, באַזירט זיך אינגאַנצן אויף דעם מאַרקסיזם, אויפן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

די ליניע פון ערשטן צום דריטן, קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל ציט זיך אויך אין אַן אַנדער ריכטונג. די אַנטשטייאונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז ניט בלויז כראָנאָלאָגיש, נאָר אויך לאָגיש פאַרבונדן מיט מלחמה. בּאַ דער גרינדונג פון יעדן פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן — סיי פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, סיי פון דעם צווייטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַזוי אויך פון דעם דריטן, פון קאָמו־ניסטישן אינטערנאַציאָנאַל — האָבן אַ געוויסע ראָל געשפּילט מלחמות. אין יעדן פאַל האָבן די פּראָבלעמען פון דער פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס אין פאַרבינדונג מיטן קאַמף קעגן מלחמה געשפּילט אַ גרויסע ראָל. בּאַ דער גרינדונג פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט מלחמה געשפּילט אַן אויסשליסלעכע און אַן אַנטשיידנדיקע ראָל.

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן אין 1864 און האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין אָנהויב פון די 70ער יאָרן. די דאָזיקע עפּאָכע, אַריינגערעכנט דעם צוגרייטונגס־פּעריאָד פאַר דער גרינדונג פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, שליסט איין: די טשאַרטיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד, די געשעענישן פון 1848 אין אייראָפּע, ספּעציעל די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, דעם

קריזיס פון די 50ער יאָרן, די איטאַליענישע מלחמה, די קרימער מלחמה, דעם פוילישן אויפשטאַנד, דעם בירגער־קריג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, די עסטרייך־פרייסישע מלחמה, די פראַנצויזיש־דייטשע מלחמה און די פּאַריזער קאָמונע. מיר האָבן אויסגערעכנט די וויכטיקסטע געשעענישן פון דעם פעריאָד פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, דערפאַר וואָס זיי ווייזן אונז, אַז מלחמות, רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן זיינען געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון דער דאָזיקער עפּאָכע און דער הויפּט־אינהאַלט פון דער טעטיקייט פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן אין 1889 און האָט זיך געשפּאָלטן אין 1914, באַם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. באַם וויגעלע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז געשטאַנען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אין אים געשפּילט די אַנטשיידנדיקע ראָל אין די אַלע 25 יאָר פון זיין עקזיסטענץ. אָנהויבנדיק מיט די 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט הויבן זיך שוין אָן אָנמערקן אַ גאַנצע ריי מלחמות פון אַ ריין־אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער, כאָטש זיי זיינען נאָך לאָקאַלע מלחמות. אַזעלכע מלחמות, ווי די באָקסער־מלחמה אין כינע (1900), די מלחמה פון ענגלאַנד קעגן טיבעט (1904), די מלחמה פון איטאַליע און טערקיי איבער טריפּאָלי (1911־1912), די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה (1904־1905) און אַ צאָל אַנדערע טראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער.

אָבער דעם הויפּט־שטעמפּל אויף דער גאַנצער טעטיקייט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן אַרויפגעלייגט דער שנעלער וואוקס פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין באַדינגונגען פון פּאַרלאַמענטאַריזם און לעגאַליזם און די געשעענישן פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905.

דער פאַקט, וואָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען די פירנדיקע פּאַרטיי אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און די לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס אין די פירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין דעם דאָזיקן פעריאָד, האָבן געוווירקט, אַז דער אָפּאָרטוניזם זאָל קריגן די אויבערהאַנט אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. דער וועג פון אָפּאָרטוניזם האָט געפירט צו סאָציאַל־שאָוויניזם אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, און פון סאָציאַל־שאָוויניזם ביז סאָציאַל־פאַשיזם איז געווען נאָר אַ שפּרונג.

פון דער אַנדער זייט האָט די ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע

אף דעם צווייטן אינטערנאציאָנאַל צוזאַמען מיט דעם פאַקט, וואָס דער צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך ביסלעכווייז אריבערגעטראָגן פון מערב קיין מזרח, געפירט צו א דיפערענציאַציע אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, צו דער אויסבילדונג פון א לינקן פליגל, וואָס האָט אוועקגעלייגט דעם באָדן פאַר דער שפּאַלטונג פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל און פאַר דער גרינדונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, לענינס אינטערנאַציאָנאַל, האָט גע'ירשנ'ט אַלע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל און די בעסטע עלעמענטן פון צווייטן.

## לענינייזם ווי א וועלט־ריכטונג אין דער ארבעטער־באַוועגונג

דער לענינייזם ווי א וועלט־ריכטונג אין דער ארבעטער־באַוועגונג איז באַזונדער ענג פאַרבונדן מיט די פּראָבלעמען פון מלחמה. לענין האָט פאַרגעזעצט די לערע פון קאַרל מאַרקס אַף אַלע געביטן פון עקאָנאָמיק, פּאָליטיק און פילאָזאָפיע. אָבער ס'איז שווער צו געפינען אַן אַנדער פראַגע, אין וועלכער לענינס ראָל אַלס דער אוממיטלבאַרער פאָרזעצער פון מאַרקסיזם, אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, איז אַזוי קלאָר ווי אין די פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אימפּעריאַליסטישע מלחמות — דער צוגאַנג צו די דאָזיקע מלחמות און די טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט אין דער צייט פון מלחמות.

פּונקט ווי מאַרקס האָט געדאַרפט פירן א ביטערן קאַמף קעגן א גאַנצער ריי טעאָריעס, וואָס זיינען געווען פרעמד און פיינטלעך דעם מאַרקסיזם, אַזוי האָט אויך לענין געמוזט פירן א ביטערן קאַמף פאַרן מאַרקסיזם, אָבער אין אַנדערע באַדינגונגען. ווען מאַרקס האָט געפירט זיין קאַמף איז דער מאַרקסיזם געווען איינע פון די טעאָריעס פון דער ארבעטער־באַוועגונג, די אַמווייניקסטנס פאַרשפּרייטסטע צווישן זיי. ווען לענין טרעט אַרויס אַלס פירער פון רוסישן ארבעטער־קלאַס און שפּעטער פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־קלאַס, האָט דער מאַרקסיזם שוין געהאַט אָפּגעהאַלטן אַן ענדגילטיקן זיג איבער די אַלע פרעמדע און פיינטלעכע דעם אַרבעטער־קלאַס טעאָריעס. אין ווערטער, איז באַם אָנהויב פון די 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט דער מאַרקסיזם געווען אַלגעמיין אָנערקענט. אָבער שוין צום סוף פון די 90ער יאָרן, נאָך ענגעלסעס טויט, הויבט זיך אָן א ביטערער קאַמף אין די רייען פון די מאַרקסיסטן — עס

אנטשטייט דער רעוויזיאָניזם, דער פאָטער פון אָפּאָרטוניזם, סאָציאַל־שאָוויניזים און סאָציאַל־פאַשיזם, וואָס קריגט די אויבערהאַנט אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. לעניַן ווערט איינער פון די פירער פון קאַמף קעגן רעוויזיאָניזם.

אין 1907, אױף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל, הויבט זיך אָן אויסקריסטאַליזירן אַ לינקער פליגל אונטער דער פירערשאַפט פון לענינען און ראָזע לוקסעמבורג. די אישו, וואָס מערקט אָן צום שאַרפסטן די צעטיילונג אין דעם צווייטן אינטערנאַציאָ־נאַל, איז טאַקע די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון אַרבעטער־קלאַס צו מלחמה, ד. ה. צו דער קומענדיקער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, וועמעס בלוטיקע פאַרמען מען האָט שוין געקאָנט זען אױפן האָריזאָנט.

אָבער וועגן אַ דירעקטער און באַלדיקער שפּאַלטונג האָט אפילו לענין, דער ווייט־זעענדיקסטער פון די פירער פון דער לינקער גרופּע, דעמאָלט ניט געטראַכט. די אייניקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָט צו יענער צייט באַהערשט אַלע מוחות. די פראַגע וועגן אַ שפּאַלטונג אין אינטערנאַציאָנאַל, ווי מיר האָבן געזען, האָט לענין אַוועקגעשטעלט אַלס די אויפגאַבע פון די רעוואָלוציאָנערן־אינטערנאַציאָ־נאַליסטן ערשט דעמאָלט, ווען ס׳איז קלאָר געוואָרן דער פולשטענדיקער צוזאַמענבראָך פון די וויכטיקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ספּעציעל פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, זייער פולשטענדיקער פאַרראַט פון די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס און די אידעאַלן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. ביז אָט־דעם קריזיס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט לענין געאַרבעט ווי אַ מיטגליד פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און פון 1904 ביז 1914 איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער פירנדיקער קערפּערשאַפט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, די אזוי־גערופענע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, וועמעס זיצונגען ער פלעגט רעגולער באַזוכן.

לענין און די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי זיינען פאַרבליבן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, כאָטש אין דער אייגענער פּאַרטיי, אין דער רוס־לענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָבן זיי פולשטענדיק אָפּ־געבראָכן מיט די אָפּאָרטוניסטן־מענשעוויקעס. פאַר דער אויסגעהאַלטענער רעוואָלוציאָנערער ליניע אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט לענין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. מען האָט אים און זיין

פּאַרטיי באַטראַכט ווי האַלבע אַנאַרכיסטן, פאַרשווערער, סעקטאַנטן, און וואָס ניט. די מערסטע פירער פון צווייטן אינטערנציאָנאַל האָבן אין די ערשטע יאָרן פון דעם קאַמף אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי בכלל קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן די פּרינציפּיעלע פראַגן, וואָס זיינען פאַרוויקלט אין דעם קאַמף. זייער אינפאָרמאַציע, און וויפיל זיי פלעגן זיין פאַראינטערעסירט אין איר, פלעגן זיי קריגן פון אַזעלכע מענשעוויקעס, ווי אַקסעלראָד און מאַרטאָוו, וועלכע האָבן געהאַט די ברייטסטע פאַרבינדונגען אין די פירנדיקע קרייזן פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל. אַזוי מיסאינפאָרמירט זיינען די פירער פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל געווען וועגן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן געפירט צו דער שפּאַל־טונג אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַז נאָך דעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס (1904), וואו די דעלעגאַציע פון די באָלשעוויקעס איז קוים צוגעלאָזט געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין קאָנ־גרעס מיט בעראַטונגס־רעכט, האָט בעבעל, דער אָנערקענטער פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, פאָרגעשלאָגן דער דעלעגאַציע איבערצוגעבן זייערע „קריגערייען" מיט די מענשעוויקעס צו אַן ערן־געריכט, וואָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט באַשטימען. נאַטירלעך, האָט לענין — זייער איידל — צוריקגעוויזן דעם פאָרשלאָג וועגן אַן ערן־געריכט. די פראַגן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס זיינען געלייזט געוואָרן אין די רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917, האָבן, נאַטירלעך, ניט געקאָנט געלייזט ווערן פון אַן ערן־געריכט.

ערשט נאָך די געשעענישן פון 1905, ווען די „קליינע קריגערייען" פון „אַ גרופּע עמיגראַנטן", וואָס האָבן אויסגעזען ניט צו האָבן קיין „פּרינציפּיעלן באַדן", האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס פראַגן פון דער העכסטער וויכטיקייט אין גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905; ווען נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע, אין 1906, האָבן די מענשעוויקעס זיך דערלאַנגט אַ שאַרפן קער רעכטס — ערשט דעמאָלט האָט אַ טייל פון די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיך אָנגעהויבן צוצוהערן צו דעם, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן צו זאָגן און זיי אַפילו טיילווייז שטיצן. ראָזע לוקסעמבורג איז געווען די ערשטע פון די אָנגעזעענע פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אין די מערסטע פראַגן וועגן דער אָפּשאַצונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע איינגעשטימט מיט די באָלשעוויקעס, און אונטער איר ווירקונג האָט אויך קאַוטסקי צו יענער צייט געשטיצט די באָלשעוויקעס. (צו יענער צייט איז קאַוטסקי נאָך געווען אַן אָרטאָדאָקסי־

שער מאַרקסיסט. ערשט אין די יאָרן פון דער מלחמה האָט קאַוטסקי פאַרנומען אַ צענטער־פּאָזיציע און האָט זיך דערקייקלט צו אָפענער קאָנטער־רעוואָלוציע.)

אַף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס פון 1907 איז שוין לענין אַליין געווען דער הויפּט פון דער רוסלענדישער דעלעגאַציע. אין די מערסטע פראַגן אין פאַרבינדונג מיט דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אין די קאָמיסיעס פון קאָנגרעס, האָבן די באָלשעוויקעס געקראָגן די גוטהייסונג פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ערגער איז געווען די לאַגע אין דער פראַגע וועגן דער שטעלונג פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו דער אָנקומענדיקער וועלט־מלחמה. מיר האָבן שוין פריער דערציילט וועגן דער באַרימטער אויסבעסערונג צו דער רעזאָלוציע וועגן מלחמה, וואָס לענין און ראָזע לוקסעמבורג האָבן אריינגעבראַכט, און וואָס איז אין אַ פאַרערגערטער רעדאַקציע אָנגענומען געוואָרן פון קאָנגרעס. דורך די פאַראייניקטע כחות פון די רוסישע מאַרקסיסטן און די דייטשע „אָרטאָדאָקסן” איז צוריקגעוויזן געוואָרן די שטעלונג סיי פון די רעכטע און סיי פון די „לינקע” אַף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר. ( אין אַן אַנדער קאַפּיטל האָבן מיר איבערגעגעבן אין קורצן לענינס קריטיק איבער די דאָזיקע ריכטונגען.)

פאַר אַ שטיקל צייט (1908—1910) האָט אויך פּלעכאַנאָוו זיך דערנענטערט צו דער פּאָזיציע פון די באָלשעוויקעס, וואָס האָט גאָר אַ סך פאַרשטאַרקט די באָלשעוויקעס אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואו פּלעכאַנאָווס אויטאָריטעט איז געשטאַנען זייער הויך. אַף דעם קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן לענין און פּלעכאַנאָוו אפילו געמאַכט פאַרזוכן צו אָרגאַניזירן אַ מער אויסגעקריסטאַליזירטע לינקע גרופּע אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

אַף לענינס איניציאַטיווע זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען צוויי באַראַטונגען, אין וועלכע ס'האָב זיך באַטייליקט די רוסן, די פראַנצויזן (געדיסטן), איינצעלנע דייטשן, בעלגיער (דע ברוקער), בולגאַרן (בלאַגאָיעוו) און די פּאָליאַקן. אַף די קאָנפערענצן האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די „איינאָפּייער” זיינען געווען זייער איינגעהאַלטן. די קאָנפערענצן האָבן קיין ערנסטע רעזולטאַטן ניט געבראַכט.

דער באַזעלער קאָנגרעס, דער לעצטער קאָנגרעס פאַר דער וועלט־מלחמה, האָט קיין סך ענדערונגען ניט געבראַכט. די אַנטי־מלחמה רעזאָ־

לוציע איז אין אירע אַלגעמיינע שטריכן געווען אָננעמבאַר פאַר די באָלשעוויקעס און זיי זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן פאַרטיידיקט און געהאַנדלט אין גייסט פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע, ווען די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

אָבער דער קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס אין רוסלאַנד זעלבסט איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, און וואָס שוואַכער די מענשעוויקעס זיינען געוואָרן אין רוסלאַנד, אַלץ מער האָבן זיי זיך געווענדעט צו די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל נאָך הילף קעגן די באָלשעוויקעס. די באַליבטסטע באַשולדיקונג קעגן לענינען איז אַלעמאָל געווען, אַז ער איז אַ „ברעכער". די פירער פון די מענשעוויקעס, אַקסעלראָד און מאַרטאָוו, האָבן אויסגענוצט זייערע פאַרבינדונגען אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אויפצוהויבן אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאַמפּאַניע קעגן די באָלשעוויקעס און קעגן לענינען. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ האָט זינט 1910 זיך גענומען אַלץ מער און מער אַריינמישן אין די קאַמפן צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס צום גונסטן די לעצטע. אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביז 1914. דער פּאָרזיצער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וואַנדערוועלדע, איז אין 1914 געפאָרן אין רוסלאַנד מיט דער אויפגאַבע צו צווינגען די באָלשעוויקעס אָפּצושוואַכן זייער קאַמף קעגן די מענשעוויקעס. און סאַמע ערב דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ צוזאַמענגערופן אין ברוסעל אַ באַראַטונג פון אַלע „ריכטונגען" אין דער רוסישער פּאַרטיי מיטן צוועק איבערצולאָזן די באָלשעוויקעס אין אַ מינדערהייט און זיי צווינגען זיך אונטערצוגעבן די מענשעוויקעס. אַפילו ראָזע לוקסעמבורג איז דעמאָלט באַגאַנגען אַ גרויסן טעות, שטיצנדיק די דאָזיקע מאַנעוורע פון די פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ קעגן באָלשעוויזם.

ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך אַזויפיל אָפּגעגעבן מיט שטיצן די מענשעוויקעס. פּונקט ווי דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל זעט זיין אויפגאַבע אין שטיצן דעם אינטערנאַציאָנאַלן באָלשעוויזם קעגן מענשעוויזם, אַזוי האָט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, ווען אָפּאָרטוניזם איז געוואָרן זיין הערשנדיקע ריכטונג, געזען זיין אויפגאַבע אין העלפן דעם רוסישן מענשעוויזם קעגן באָלשעוויזם. די מלחמה האָט צעשטערט די פּלענער פון דער אינטער־

נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ וועגן דער קאָנפערענץ אין ברוסעל. די געשעענישן פון 4טן אויגוסט 1914 האָבן אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן אַ שפּאַלטונג מיטן אָפּאָרטוניזם ניט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, צו באַפרייען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג ניט בלויז פון די „איבערלויפער", נאָר אויך פון אָפּאָרטוניזם.

די דאָזיקע אויפגאַבע האָט לענין פאַרענדיקט דורכפירן, ווען דעם 4טן מערץ, 1919, איז אין מאָסקווע געגרינדעט געוואָרן דער דריטער, קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל. אין פייער פון דער וועלט־מלחמה און פון בירגער־קריג פון דער ערשטער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער געשאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויף זיך גענומען דורכצופירן די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע, וואָס די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן פאַרראַטן — די אָרגאַניזירונג און מאָביליזירונג פון פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה און פאַר סאָציאַליסטישן פרידן.

אין דער ערשטער פּראָגראַם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט לענינס נאָענטסטן אָנטייל, לייענען מיר:

„דער דריטער, קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געגרינדעט אין מאָמענט, ווען עס האָט זיך געענדיקט די אימפּעריאַליסטישע מלחמה פון 1914—1918, אין וועלכער די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע פון פאַרשיידענע לענדער האָט געבראַכט אַלס קרבנות 20 מיליאָן מענטשן... — געדענק וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה! — דאָס איז דאָס ערשטע, מיט וואָס דער קאָמינטערן ווענדעט זיך צו יעדן אַרבעטנדיקן, וואו ער זאָל ניט וואוינען, אויף וועלכער שפּראַך ער זאָל ניט ריידן. געדענק וועגן דעם, אַז אַ דאַנק דער עקזיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג האָט אַ קליין הייפעלע קאַפּיטאַליסטן געהאַט די מעגלעכקייט אין פאַרלויף פון 4 לאַנגע יאָר צו צווינגען די אַרבעטער פון פאַרשיידענע לענדער זיך מערדערן צווישן זיך. געדענק וועגן דעם, אַז בורזשואַזע מלחמה האָט אַריינגעשלעפּט אייראָפּע און די גאַנצע וועלט אין שרעקלעכן הונגער און אָרימקייט. געדענק וועגן דעם, אַז אָן דער אומוואָרפונג פון קאַפּיטאַליזם איז די איבער׳חזר׳ונג פון אַזעלכע מלחמות ניט נאָר מעגלעך, נאָר אומפאַרמיידלעך...."

## די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נאָך דער וועלט־מלחמה

אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, האָט איינער פון די אָנגעזעענסטע אָרגאַנען פון די דייטשע קאָנסערוואַטאָרן געשריבן, אַז די בורזשואַזיע נויטיקט זיך אין אַ פּאַרטיי מיט אַ סאָציאַליסטישן שילד. „דעם כאַראַקטער פון אַן ארבעטער־פּאַרטיי מיט סאָציאַליסטישע אידעאַלן" — האָט אין 1915 געשריבן „די פּרייסישע יאָרביכער" — „דאַרף זי (די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע) איינהיטן, וואָרים אין דעם מאָמענט, ווען זי וועט זיך אָפּזאָגן פון דעם, וועט אַנטשטיין אַ נייע פּאַרטיי, וואָס וועט איבערנעמען די פּראָגראַם, פון וועלכער די פריערדיקע פּאַרטיי האָט זיך אָפּגעזאָגט און איר צוגעבן נאָך אַ מער ראַדיקאַלע פאָרמולירונג."

דער שרייבער פון די דאָזיקע ווערטער האָט גענוי פאַרשטאַנען די נויטן פון דער בורזשואַזיע און אַף וואָס די בורזשואַזיע דאַרף די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף זיין די אַגענטור פון דער בורזשואַזיע צווישן די אַרבעטער; דאָס שילדל „סאָציאַליזם" דאַרף העלפן אָפּציען די אַרבעטער פון גרינדן זייער אמת'ע פּאַרטיי, וואָס זאָל פאַרטרעטן און קעמפן פאַר זייערע אינטערעסן. די אינטערעסן פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין די יאָרן באַלד נאָך דער מלחמה האָבן געפאָדערט אויפצושטעלן בא די אַרבעטער דעם גלויבן און צוטרוי צו אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פאַר וועלכער דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" איז נאָר געווען אַ מיטל, כדי בעסער צו קאָנען דורכפירן די פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע. צו געבן די דאָזיקע בורזשואַזע אַרבעטער־פּאַרטייען מיט אַ סאָציאַליסטישן שילד מער אויסזען ווי די ריכטיקע זאַך, מער פּרעסטיזש בא די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן טראַדיציעס פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט, איז געווען אויך נויטיק אויפצושטעלן די חורבות פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

מיר האָבן געזען, אַז נאָך אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט שוין קאַוטסקי געזוכט אַוועקצולייגן דעם באָדן פאַר דער אויפשטעלונג פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אַנטוויקלענדיק די טעאָריע, אַז יעדער סאָציאַליסט אין יעדן לאַנד איז פאַרפליכטעט צו פאַרטיידיקן זיין פאָטערלאַנד, וואָס האָט געמיינט אַן אַלגעמיינע „פאַרגעבונג פון זינד", אַן אַלגעמיינע „אַמנעסטיע" פאַר די סאָציאַל־שאָוויניסטישע פּאַרטייען, וואָס

האָבן געשטיצט זייערע רעגירונגען אין דער וועלט־מלחמה. אַף דעם באַזיס איז טאַקע דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל אויפגעשטעלט געוואָר׳ן נאָך דעם שליסן פון ווערסאַלער פרידן.

די געשיכטע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און זיינע פּאַרטייען זינט דעם סוף פון דער וועלט־מלחמה איז אַ געשיכטע פון איין פאַרראַט גרעסע־ פאַרן צווייטן.

די געטרייסטע לאַקייען פון דער בורזשואַזיע אין די מלחמה־יאָרן, די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן אין די יאָרן 1918—1920 זיך פאַרוואַנדלט אין אָפענע פירער פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, פאַרבינדנדיק זיך מיט די לודענדאָרפס, מיט די קאָרנילאָווס און קאָלטשאַקס. ניט אומ־ זיסט האָט הינדענבורג געשריבן עבערט׳ן אין 1918:

„טייערער הער עבערט: אַז איך ווענד זיך צו אייך מיט די פאָלגנדיקע שורות, איז פאַרשטענדלעך צוליב דעם פאַקט, וואָס מען האָט מיר דערציילט, אַז איר, אַלס איבערגעגעבענער דייטש, וואָס האָט ליב זיין פאָטערלאַנד מער ווי אַלץ, זייט גרייט איבערצולאָזן אין הינטערגרונט אייערע פּערזענלעכע מיינונגען און פאַרלאַנגען, פּונקט ווי איך האָב דאָס געמוזט טאָן, כדי צו דינען דאָס פאָטער־ לאַנד אין זיין נויט. צוליב אָט־דער אורזאַך האָב איך זיך פאַרבונדן מיט אייך צו ראַטעווען אונזער פאָלק פון דער רואינע, וואָס דראָעט אים.”

ס׳איז קלאָר וועמעס „פאָלק” ס׳האָט אין דעצעמבער 1918 געדראָעט אַ רואינע און צוליב וועמעס אינטערעסן הינדענבורג האָט זיך פאַראייניקט מיט עבערט׳ן.

מיר האָבן נאָך אַ באַגלויבטן עדות: מאַיאָר פאָלקמאַן אין זיין בוך, „מאַרקסיזם און דאָס דייטשע מיליטער אין דער וועלט־מלחמה”, שרייבט:

„די ראַדיקאַלן האָבן זיך געריסן פאָראויס, זוכנדיק זיך צו פאַראייניקן מיט מאָסקווע און אַרבעטנדיק פאַר דער וועלט־רעוואָ־ לוציע. די מעסיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט דער הילף פון די אָפיצערן פון דער אַלטער אַרמיי האָבן געבראָכן דעם דאָזיקן דרוק.”

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט דער הילף פון די אַלטע אָפיצערן האָבן „געבראָכן דעם דרוק”, האָבן געבראָכן דעם קאַמף פון די „ראַדיקאַלן”, די קומענדיקע קאָמוניסטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די קאַמפן פון די אַרבעטער פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. נאָסקע באַרימט זיך טאַקע אין זיינע מעמואַרן: ס׳איז געווען נויטיק אַ בלוט־

הונט, בין איך דאָס געווען. און נאָסקע רעדט ניט וועגן זיך אליין. דאָס זיינען געווען די נאָסקעס, עבערטס, שיידעמאַנס און קאָמפּאַניע, וואָס האָבן „צוזאַמען מיט די אָפּיצערן פון דער אַלטער אַרמיי" דערמאָרדעט די פירער פון די „ראַדיקאַלן", פון די קאָמוניסטן, קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג!

אָט די טויטע קערפּערס פון טויזנטער דערמאָרדעטע און פאַר־פייניקטע אַרבעטער האָבן די פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גע־האָלפן צוריק אויפשטעלן דעם קאַפּיטאַליזם, געהאָלפן דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטן פון אַרבעטער־קלאַס אין די יאָרן 1918—1920. און ווען זיי האָבן אָפּגעטאָן זייער הענקערישע בלוטיקע אַרבעט אין דערשטיקן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און העלפן אויפשטעלן דעם קאַפּיטאַליזם האָבן זיי מיט אַ פּנים פון אַ זיגער געפּרעגט בײַ די קאָמו־ניסטן: נו, וואו איז אייער אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע רעוואָ־לוציע? זיי האָבן, הייסט עס, געהאַט נאָך אַ „באַווייז", אַז די קאָמוניסטן זיינען ניט גערעכט. אַזעלכע „באַווייזן" האָט יעדער סטרייקברעכער, וואָס העלפט פּריער אַרונטעררייסן אַ סטרייק און טענה'ט נאָכדעם מיט די אַרבעטער: „אַ סך האָט אייך געהאָלפן אייער סטרייק!"

די פאַררעטערישע אַרבעט, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן באַם אויסברוך פון דער אימפּעריאַליס־טישער וועלט־מלחמה זעט אויס זייער מילד אין פאַרגלייך מיט זייערע פאַרברעכנס קעגן אַרבעטער־קלאַס נאָך דער מלחמה. דער אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט באַהערשט דעם 2טן אינטערנאַציאָנאַל ערב דער וועלט־מלחמה, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין סאָציאַל־שאָוויניזם באַם אויסברוך פון דער מלחמה, און מיט דעם אָנהויב פון דער עפּאָכע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע — אין דירעקטער קאָנטער־רעוואָלוציע. אין די יאָרן 1918—1923, ווען די פראַגע פון פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז געשטאַנען אָפן טאָג־אָרדענונג אין אַ צאָל קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז עס געווען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון הענקער פון דער רעוואָלוציע.

די טאָג־טעגלעכע פאַרראַטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערן פאַרגעזעצט ביז היינט צו טאָג.

וואָס איז געווען די פּאָליטיק פון די פירנדיקע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין דעם פּעריאָד פון דער אַזוי־גערופענער סטאַביליזאַציע? ווער געדענקט ניט די „נויטפאַל־דעקרעטן" פון דער

„סאָציאַליסטישער" רעגירונג אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן באַצוועקט צו ברעכן די קאַמפּן פון די דייטשע אַרבעטער און האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן פאַשיזם? ווער געדענקט ניט דעם פאַרראַט פון דעם גענעראַל־סטרייק אין ענגלאַנד אין 1926? ווער געדענקט ניט ווי מאַקדאָנאַלדס לייבאָר־רעגירונג האָט געשיקט אַרמייען קיין אינדיע צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד פון די אינדישע מאַסן? און אַוואַדע איז נאָך אונז אַלעמען פריש אין זכרון דער סאַמע לעצטער פאַרראַט פון דעם שײַנדל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אין דעם פעברואַר־אויפשטאַנד פון די עסטרייכישע אַרבעטער.

די אויפגאַבע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זינט דער וועלט־מלחמה איז אַקטיוו צו העלפן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס דורכפירן זײַן פאַשיסטישע פּאָליטיק אין קאַמף קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער היים און אין זײַן אויסלענדישער פּאָליטיק פון צוגרייטן די נייע אימפּעריאַליסטישע מלחמה. די דאָזיקע אַרבעט האָט דאָס געבראַכט צום זיג פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד און עסטרייך. די דאָזיקע אַרבעט העלפט איינפירן דעם פאַשיזם אין אַנדערע לענדער.

לאָמיר אַ קוק טאָן אויף דער אַרבעט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דעם גאָר לעצטן פּעריאָד:

אין שפּאַניע און טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן די סאָציאַליסטן זיך באַטייליקט אין דער רעגירונג און אין דער צוגרייטונג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַ פאַשיסטישער דיקטאַטור; אין פּוילן, פינלאַנד, אונגאַרן עקזיסטירן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די באַדינגונגען פון פאַשיזם און זײַנען די געהאָרכזאַמע „אָפּאָזיציע פון זײַן מאַיעסטעט" פאַשיזם; אין יאַפּאַן טרעט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַרויס פאַר דער מאָנאַרכיע; די פירער פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי דערקלערן, אַז אויף מוסאָליניס ערשטן רוף זײַנען זיי גרייט זיך אומצוקערן קיין איטאַליע אַלס לעגאַלע אָפּאָזיציע; אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך האָבן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיך אויסגעטיילט פאַשיסטישע גרופּן; אין די פאַראייניקטע שטאַטן דערקלערט נאָרמאַן טאָמאַס, דער פירער פון די סאָציאַליסטן, אַז רוזוועלטס פאַשיזירונג־פּאָליטיק אונטער דער נ.ר.אַ. איז אַ פּאָליטיק, וואָס פירט צום „סאָציאַליזם"; די פירער פון דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר" זײַנען אַ טייל פון דער מאַשינעריע

דורכצופירן די נ.ר.א.*); אין דייטשלאַנד דערקלערן די פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלס, ברייטשייד, לייפּאַרט, א. אז. וו., אַז זיי האָבן שלום געמאַכט מיט דעם פאַשיזם. די פּאַרטייען פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל פירן דורך די אַרבעט, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט פאַר זיי אָנגעמערקט.

אָבער דער זיג פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד האָט געמאַכט אַ ריזיקן איינדרוק אויף די אַרבעטער־מאַסן אין אַלע לענדער; זיי האָבן געמוזט אָנהויבן אייננזען דעם גאַנצן באַנקראָט פון די טעאָריעס פון צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל. איילן זיך די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו אַנטוויקלען נייע טעאָריעס, וואָס זאָלן בארואיקן די מאַסן (מיר האָבן אַנאַליזירט די דאָזיקע טעאָריעס אין אַן אַנדער קאַפּיטל); רעדט באַוער וועגן דער „היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט״ פון זיג פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד און קאַוטסקי רעדט וועגן דעם, אַז די „קולטורעלע״ סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געמוזט באַזיגט ווערן פון דעם „ניט־קולטורעלן״ פאַ־שיזם. (שיר ניט דער לשון פון אַב. קאַהאַן!)

און, ווי מען האָט געקאָנט און געדאַרפט דערוואַרטן, געפינען זיך אין די ערשטע רייען פון די ריינוואַשער פון דער פאַררעטערישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די רענעגאַטן פון קאָמוניזם מיט טראָצקין אין דער שפּיץ. טראָצקי שטעלט צו די הויפּט־אַרגומענטן, וואָס דאַרפן ראַטעווען דעם סאָציאַל־פאַשיזם. דער דאָזיקער פאַררעטער זוכט אַרויפצוואַרפן די שולד פאַרן זיג פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד אויף דער דייטשער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי, די פּאַרטיי, וואָס האָט אויף איין מינוט ניט אויפגעהערט קעמפן קעגן פאַשיזם — אַז זי איז דאָס שולדיק פאַרן זיג פון פאַשיזם, אַז זי האָט פאַרראַטן דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט. קאָן געמיינער, נידער־טרעכטיקער פאַרראַט נאָך גיין ווייטער?!

די מפּלה פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע, פּאָליטיק און טאַקטיק, וואָס הויבט אָן צו ווערן אַלץ קלאָרער פאַר די ברייטע

---

*) ווען דאָס בוך איז שוין געווען פאַרענדיקט, איז פאָרגעקומען די קאָנ־ווענשאָן פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואו די אַזוי גערופענע „לינקע״ האָבן דורכגעפירט אַ מטושטש'ע דעקלאַראַציע, אָנגעפּיקעוועט מיט לינקע פראַזן. די דאָזיקע דעקלאַראַציע באַצוועקט „איינצושטילן דעם רעוואָלוציאָנערן אַפּעטיט״ פון די מיטגלידער, ווי איינער פון די זיילן פון דער אַמעריקאַנער עס. פּי., וואַלדמאַן, האָט זיך אויסגעדריקט. די קאָנווענשאָן און די „לינקע״ דעקלאַראַציע האָבן ניט געענדערט דעם כאַראַקטער פון דער עס. פּי.

אַרבעטער־מאַסן, מיינט אָבער ניט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז שוין טויט. היסטאָריש איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שוין טויט זינט דער וועלט־מלחמה און דעם זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אין דעם זין האָט דאָס לעניִן גערעדט אויף דער פייערונג פון ערשטן יובילײ פון קאָמינטערן:

„אונטערציִענדיק אַ סך הכל וועגן דער לאַגע, קאָן מען זאָגן, אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז דערשלאָגן, אַז די מאַסע אַרבעטער אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך גייט אַריבער אויף דער זייט פון די קאָמוניסטן."

אָבער כּל זמן דער אַרבעטער־קלאַס וועט ענדגילטיק ניט אונטערפירן זיינע חשבונות מיט דער בורזשואַזיע, וועט די לעצטע זיך נוציקן אין דער דאָזיקער אַגענטור אין די רייען פון אַרבעטער־קלאַס, כּדי צו קאָנען אָנהאַלטן איר קלאַסן־הערשאַפט. אָט פאַרוואָס דער קאַמף קעגן סאָציאַל־פאַשיזם, קעגן דער ווירקונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ספּעציעל איצט, אין די באַדינגונגען פון פאַשיזם און מלחמה־פאַרבאַרייטונג, דער ערשטער פאַרבאַדינג פון אַ זיגרייכן קאַמף קעגן פאַשיזם און קעגן אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה.

## געשעענישן באַשטעטיקן ריכטיקייט פון דעם לענינישן אַנאַליז פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל

פּונקט ווי די לעצטע געשעענישן האָבן באַוויזן דעם פולשטענדיקן באַנקראָט פון די טעאָריעס, פּאָליטיק און טאַקטיק פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל, האָבן די דאָזיקע געשעענישן אינגאַנצן באַשטעטיקט די ריכ־טיקייט פון דעם לענינישן אַנאַליז, פון דער לענינישער אָפּשאַצונג און טאַקטיק פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער שאַרפער קאָנטראַסט צווישן דער אָפּשאַצונג פון צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל און פון קאָמינטערן וועגן דער לאַגע איז נאָך אַרויסגע־בראַכט געוואָרן אין דער רעזאָלוציע פון 10טן פּלענום פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמינטערן, וואָס איז פאָרגעקומען אין יולי 1929, אין דער צייט פון דעם סאַמע גלאַנץ פון קאַפּיטאַליסטישער „פּראָספּעריטי". ווען די טעאָרעטיקער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן געוועבט די טעאָריעס וועגן „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם", האָט דער 10טער פּלענום פון קאָמינטערן אָנגעוויזן, אַז די ווידערשפּרוכן צווישן קלאַסן און צווישן

די קאפּיטאַליסטישע לענדער האַלטן אין וואַקסן, אַז עס אַנטוויקלט זיך אַ רעוואָלוציאָנערער אויפברויז צווישן די מאַסן, אַז אַן עקאָנאָמישער קריזיס איז נאָענט.

די סאָציאַליסטן האָבן זיך געוויצלט איבער דער דאָזיקער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע. די רענעגאַטן פון קאָמוניזם האָבן זיי נאָכגעטאַנצט. „וואו איז אייער קריזיס? וואו איז אייער רעוואָלוציע?" — האָבן געכיכיקעט די אַמעריקאַנער לאָוועסטאָניסטן, נאָכריידנדיק אַלע אָפּאָרטוניסטן און רענעגאַטן, וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון קאָמינטערן.

לאַנג האָבן זיי אָפּן קריזיס ניט געדאַרפט וואַרטן. ער איז געקומען און מיט אַ מורא'דיקער קראַפט צעשמעטערט אַלע זייערע טעאָריעס וועגן „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם", וועגן אַ „נייער וויקטאָרישער ערא" אין דער אַנטוויקלונג פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם.

ווען דער 11טער פּלענום פון דעם עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פון קאָמינטערן איז פאָרגעקומען, אין פרילינג 1930, האָט דער קריזיס שוין גע־בושעוועט אין די הויפּט קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער קאָמינטערן האָט אויף דעם דאָזיקן פּלענום אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן אונטערשייד צווישן די צוויי סיסטעמען — די סיסטעם פון דעם בויענדיקן סאָציאַליזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און די סיסטעם פון דעם פוילנדיקן קאַפּיטאַליזם, וואָס ברענגט הונגער, נויט און אומגליקן פאַר די מאַסן; דער קאָמינטערן האָט שוין אין פרילינג 1930 אָנגעוויזן אויפן וואוקס פון די פאַרבאַדינגונגען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן קריזיס אין אַ צאָל לענדער, האָט דערקלערט די אַרבעטער־מאַסן, אַז דער איינציקער אויסוועג פון קריזיס פאַר די אַרבעטער איז רעוואָלוציע.

דער צוועלפטער פּלענום פון קאָמינטערן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1932, דערקלערט פעסט און זיכער, אַז די סטאַביליזאַציע פון קאַפּי־טאַליזם האָט זיך געענדיקט, אַז די וועלט געפינט זיך אויפן שוועל פון גרויסע קאַמפן צווישן קלאַסן און מלוכות, אַז ס'איז פאַראַן אַלע מעגלעכ־קייטן פאַר שאַרפע ענדערונגען און אויפרייסן, אַז מיר טרעטן אַריין אין דעם פּעריאָד פון רעוואָלוציעס און מלחמות.

דער 13טער פּלענום פון קאָמינטערן, לעצטן יאָר, האָט שוין גע־קאָנט באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער אָפּשאַצונג דורך די דערפאַרונגען פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג און נאָכאַמאָל אונטער־שטרייכן:

„די ריזיקע אָנגעשטרענגטקייט פון אינערלעכע קלאַסן־אַנטאַ־גאָניזמען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווי אויך פון די אינ־טערנאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען זאָגט עדות וועגן דעם פאַקט, אַז די אָביעקטיווע פאָרבאַדינגונגען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן קריזיס זיינען געוואָרן רייף אין אַזאַ מאָס, אַז אין דער איצטיקער צייט דער־נענטערט זיך די וועלט צו אַ נייעם ציקל פון רעוואָלוציעס און מלחמות.״

באַוואָפנט מיט דער טעאָריע פון מאַרקסיזם־לעניניזם, האָט דער קאָ־מוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל געקאָנט ריכטיק פאָראויסזען די אַנט־וויקלונג פון געשעענישן און אָנווייזן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס אויף דעם ריכטיקן וועג, אויף דער ריכטיקער טאַקטיק אין קאַמף קעגן קריזיס, פאַשיזם און מלחמה־געפאַר.

קאַמף קעגן מלחמה איז אין די אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ געווען אַ וויכטיקער טייל פון דער טעטיקייט פון קאָמינטערן און זיינע סעקציעס. אויף איין מינוט האָט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל ניט פאַרגעסן די ווערטער, וואָס לענין האָט געשריבן נאָך דער גרינדונג פון קאָמוניסטישן איטערנאַציאָנאַל: „געדענקט וועגן אימפּעריאַליסטישער מלחמה!״

## די אויפגאַבן פון קאָמוניסטן אין קאַמף קעגן מלחמה

לאָמיר פאַרענדיקן מיט אַ לענגערן אויסצוג פון חבר קוזינענ׳ס באַ־ריכט אויף דעם 13טן פּלענום פון קאָמינטערן וועגן די אויפגאַבן פון קאָמוניסטן אין קאַמף קעגן מלחמה, אין דעם איצטיקן מאָמענט:

„דאָס אַריינקריכן פון די אימפּעריאַליסטן אין מלחמה פאַר־שנעלערט זיך. דעריבער דאַרף זיין די סאַמע ערשטע אויפגאַבע פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אויפצודעקן פאַר די אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס די דאָזיקע פּאָליטיק פון אַריינציען פעלקער אין אַ מלחמה הינטערן רוקן פון די מאַסן, אונטערן טומל פון דיפּלאָ־מאַטישע פראַזן און אונטערהאַנדלונגען, אונטערן צודעק פון דער מיליטערישער „אויפלעבונג״ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוס־טריע, אונטערן אָנשטעל פון אַלץ מער אָפטע טיילווייזע מאָבילי־זאַציעס, פון רופן אין דינסט דעם זאַפּאַס און פּרוביר־מאָביליזאַציעס פון פאַשיסטישע און אַנדערע רעאַקציאָנערע מיליטערישע אָרגאַני־זאַציעס.

„דער באָלשעוויזם ווייזט אַנטשיידן צוריק די פּאָזיציע פון פּאַסיוון ווארטן אַף דער מלחמה. אין דער איצטיקער אומגעבונג איז אַזא שטעלונג פאַרגלייכבאַר מיט אַנטלויפן פון שלאַכטפעלד, פאַרגלייכבאַר מיט אַן אָפּזאָג פון דער פירנדיקער ראָל פון קאָמוניסטן אַלס אַוואַנגאַרד פון רעוואָלוציאָנערן קלאַס. אַ היינטיקע מלחמה איז אַ מלחמה, וואָס שמידט צוזאַמען אין איין ניט־צעטייל־באַרן גאַנצן דעם פראָנט און דעם „טיל". אונזערע פּאַרטייען האָבן געוויסע דערפאָלגן אין פאַרבינדן די טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען פון די אַרבעטער מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן מלחמה. דאָך איז דער איבערבוי פון אונזער גאַנצער פּאַרטייאישער־מאַסאָווער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט ניט שנעל געגוג אין פאַרגלייך מיט די טעמפּן און די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון דעם אימפּעריאַליסטישן אַריינקריכן אין מלחמה.

„ס'וואָלט געווען נאַריש צו דענקען, אַז קאָמוניסטן קאָנען פּאַסיוו וואַרטן, ביז וואַנען אין דעם גאַנג פון אַ מלחמה פון אימפּעריאַליסטן, אָדער אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועט פון זיך זעלבסט צייטיק ווערן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד. שוין איצט, ניט אָפּלייגנדיק, דאַרף מען פאַנאַנדער־וויקלען אַ מאַסן־אַרבעט קעגן מלחמה, ספּעציעל צווישן די אַרבעטער פון די אונטערנעמונגען, וואָס זיינען באַרופן צו שפּילן אַ באַזונדער אויסגעשפּראָכענע ראָל אין מלחמה־אומגעבונג. שוין איצט דאַרף מען זיך אויסלערנען ריכטיק פאַנאַנדערשטעלן די כחות און קאָנ־צענטרירן די טעטיקייט פאַרן קאַמף קעגן מיליטערישן טראַנספּאָרט. די קאַמפּאַניע קעגן צושטעלן מיליטערישע זאַפּאַסן דעם יאַפּאַנעזישן אימפּעריאַליזם איז דורכגעפירט געוואָרן ניט צופרידנשטעלנדיק.

„אין דער זעלביקער צייט, אַף דער דערפאַרונג פון קאַמף קעגן די אימפּעריאַליסטישע רעפּעטיציעס פאַר מלחמה, אַף דער דער־פאַרונג פון קאַמף קעגן מאַנעוורעס, פּראָבע־מאָביליזאַציעס, א. אז. וו., דאַרף מען זיך גרייטן צום קאַמף אין די באַדינגונגען פון מלחמה.

„די קאָמוניסטישע פּאַרטייען דאַרפן צוגרייטן די אַרבעטער צו דעם, אַז מען זאָל ניט דורכלאָזן דעם מאָמענט פון דער אַל־געמיינער מאָביליזאַציע, ווען די קלענסטע אָפּהאַלטן און ניט־

גלאַטיקייטן אין דורכפירן די אויסגערעכנטע אַף שעה'ן מאָבילי־זאַציע זיינען פאַרבונדן פאַר די אימפּעריאַליסטן מיט די גרעסטע שוועריקייטן. אין די טעג פון אַלגעמיינער מאָביליזאַציע דאַרפן קאָמוניסטן קאָנען אַנטוויקלען זייער טעטיקייט אַף די מאָבילי־זאַציע־פּונקטן, וואו מען וועט צונויפקלייבן די אַרבעטער און פּויערים זיי אָפּצושיקן אין מיליטער. די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אַף די אייזנבאַנען און אין די האַפנס אין די ערשטע טעג פון דער מאָביליזאַציע, ווי אויך אין גאַנג פון דער מלחמה, איז איינע פון די הויפּט־באַדינגונגען פאַר דעם אַלגעמיינעם דערפאָלג פון רעוואָ־לוציאָנערער אַרבעט. אויב די גענעראַלן פון אימפּעריאַליזם רייְדן וועגן דעם, אַז דער גורל וועט אַנטשלאָסן דורך די גרויסע אונטער־נעמונגען, שטרייכט דאָס נאָך מער אונטער, אַז טאַקע די דאָזיקע אונטערנעמונגען דאַרפן ווערן דער אָנשפּאַר־פּונקט פון אונזער רע־וואָלוציאָנערן קאַמף קעגן מלחמה. די אַרבעט אַף די דאָזיקע אונ־טערנעמונגען, ווי אויך צווישן דעם מיליטער אַפן פראָנט, דאַרף ווערן דער קאָנצענטריר־פּונקט פון אונזער גאַנצער אַרבעט. מען דאַרף ניט פאַרלירנדיק קיין שעה, אויסנוצן אַף אַלערליי אופנים די אַלע לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע מעגלעכקייטן, וואָס איינציקע קאָ־מוניסטישע פּאַרטייען האָבן נאָך, כדי זיך איבערצובויען פאַר אַרבעט, ווי אין מלחמה.

„מיר ווייסן, אַז נאָר אַ זיגרייכע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז די איינציקע גאַראַנטיע פון פרידן, אַף וועלכער מען קאָן זיך פאַרלאָזן. דעריבער איז די אויפגאַבע פון רעוואָלוציאָניזירן די אַרבעטנדיקע מאַסן די גרונט־אויפגאַבע אין אונזער אַנטי־מלחמה־קאַמף. אָבער מיר ווייסן ניט, צי עס וועט צייטיק ווערן, און וואו עס וועט צייטיק ווערן די מעגלעכקייט פון אומוואַרפן די בורזשו־אַזיע, איידער זי וועט אַריינטרייבן די אַרבעטנדיקע אין אַ נייעם ברודער־מאָרד, אין אַ נייעם שלאַכט־הויז. מיר דאַרפן אין יעדן לאַנד טאָן אַבסאָלוט אַלץ וואָס פון אונז הענגט אָפּ, כדי דורכן דרוק פון די ברייטסטע מאַסן צוריקהאַלטן די הערשנדיקע קלאַסן פון דעם דאָזיקן פאַרברעכן פון מלחמה. מיר דאַרפן ביזן לעצטן טאָג, איידער די מלחמה האָט זיך נאָך אָנגעהויבן, מאָביליזירן די אַרבעטנדיקע מאַסן אין קאַמף קעגן דער מלחמה־געפאַר, פאַר אַ מיליטאַנטישער שטיצע דער רעוואָלוציאָנערער פרידלעכער פּאָליטיק פון סאָוועטן־

פארבאנד. ביז דעם לעצטן מאָמענט ערב דער מלחמה טאָרן מיר ניט מיד ווערן צו דערקלערן די מאסן: הויבט זיך אויף, איידער עס ווערט שפעט און דערלאָזט ניט די מלחמה־צינדער פארווירקלעכן זייערע פארברעכערישע פלענער.

„אָבער אויב אויסמיידן די מלחמה וועט זיך ניט איינגעבן, אויב די אימפעריאַליסטן וועלן זי דאָך אָנהויבן, אויב זיי וועלן אָנ־פאלן אפן סאָוועטן־פארבאנד, דעמאָלט וועלן מיר רופן די ארבעטנ־דיקע מאסן אין קאמף שוין ניט אונטערן לאָזונג פון אנטי־מלחמה־קאמף, נאָר אונטערן לאָזונג פון רעוואָלוציאָנערן בירגער־קריג.

„די פעלקער פון סאָוועטן־פארבאנד וועלן דעמאָלט באווייזן, אַז וואָס עס איז פּייאיק דאָס גרויסע לאנד פון הערשנדיקן פּראָ־לעטאריאט אין פארטיידיקן זיך פון די אימפעריאַליסטישע רויבער. די באפרייטע פון עקספּלואטאציע ארבעטנדיקע, וואָס זיינען בלוטיק צוגעבונדן צו זייער סאָציאַליסטישן פאָטערלאנד, וועלן זיך אין די מיליאָנען ארייננגיסן אין די רייען פון דער אומבאזיגבארער רויטער ארמיי. זיי וועלן זיך ארויפוואַרפן אַף די ברעכער פון פרידן מיט זייער גאנצער קאָלאָסאַלער מאכט, וואָס זיי האָבן אָנגעזאמלט אין יאָרן פון העלדישער זיגרייכער ארבעט. אונטער דער פירערשאפט פון דער פארטיי פון באָלשעוויקעס, אונטער דער אויסגעפּרובירטער אָנפירונג פון איר גרויסן פירער חבר סטאַלין וועט דאָס סאָציאַ־ליסטישע פאָלק דערלאנגען יעדן אָנפאלנדיקן פארניכטנדיקע קלעפּ, וועט צעשמעטערן אין שטויב די פיינטלעכע לעגיאָנען.

„אויך פאר אונז קאָמוניסטן פון די קאפּיטאַליסטישע לענדער, אויך פאר אונז וועט דעמאָלט שלאָגן די שעה פון דער גרויסער זאך. זאָל די בורזשואזיע פון אַלע לענדער גלייך וויסן, אַז דעמאָלט וועלן מיר אין פינלאנד, און אין פּוילן, און אין דייטשלאנד, און אין ענגלאנד, און אין יאפּאן — אין אַלע קאפּיטאַליסטישע לענדער — זאָגן די ארבעטער און פּויערים: מלחמה די שונאים פון סאָוועטן־פארבאנד! די רויטע ארמיי איז אונזער ארמיי! מיר האָבן אַלע איין פאָטערלאנד, וואָס מיר פארטיידיקן! מיר האָבן אַלע איין שונא! ווער ער האָט אויפגעהויבן די האנט קעגן לאנד פון די סאָוועטן, דער דארף פארניכטעט ווערן באַם פּראָנט און באַם „טיל". צעשמעטערן די פארפלוכטע הערשאפט פון די עקספּלואטאטאָרס, צעשמעטערן ביזן סוף!

„יעדן ארבעטער, וואס וועט גיין אין דער אימפעריאליסטישער מלחמה, יעדן סאלדאט, וואס קומט פון די אונטערדריקטע ארבעטנדיקע פון אלע שיכטן פון פאלק, וואס וועט באקומען וואפן, ווען מיר איבער׳חזר׳ן די עצה פון דעם אומשטערבלעכן פירער פון וועלט־פראלעטאריאט, לענין:

„מען האט דיר געגעבן אין האנט א ביקס און א גרויס־ארטיקע, לויט דעם לעצטן ווארט פון דער מאשין־טעכניק, פון אויסשטאטונג, א שנעל־שיסנדיקן הארמאט — נעם די דאזיקע געווער פון טויט און פארניכטונג, הער זיך ניט צו צו די סענטימענטאלע קלאגמוטערס, וואס האבן מורא פאר קריג; אף דער וועלט איז נאך פארבליבן א סך, וואס דארף פארניכטעט ווערן דורך פייער און אייזן פאר דער באפרייאונג פון ארבעטער־קלאס. . . .“

# אינהאַלט

זייט


**ערב א נייער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה**
(אנשטאַט א פאַרוואָרט) — — — — — — — — — — — — — — 5

די לעצטע וועלט־מלחמה האָט ניט אויסגעהיילט די קאַפּיטאַליסטישע
וועלט פון איר הויפּט־חולאת — — — — — — — — — — — 7
דער אַלגעמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם — — — — — — — — 9
דער וועלט־קאַפּיטאַליזם קאָן ניט ארויסקריכן פון קריזיס־זומפּ — — 11
די פאַרבאַרייטונגען פאַר דער נייער בלוט־באָד — — — — — — — 13
דער געיעג נאָך באַוואָפענונג — — — — — — — — — — — — 16

**די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון קאָמוניזם צו מלחמות** — — — — 20

זיינען רעוואָלוציעס אוממעגלעך אָן מלחמות? — — — — — — — 21
זיינען קאָמוניסטן פאַר אָדער קעגן מלחמה? — — — — — — — 26
קאַפּיטאַליזם איז די סיבה פון מלחמות — — — — — — — — 27
סאָציאַליזם וועט מאַכן א סוף צו מלחמות — — — — — — — — 29

**מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם** — — — — — — 33

די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם — — — — — — — — — — — — 33
כאַראַקטער פון מלחמות אונטערן קאַפּיטאַליזם און זייער באַזונדערער
באַדייט אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם — — — — — — 35

**פון דער ניט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט** — — — — — — — — 45

די יסודות פון מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה — — — — — — — 46
דער קראַך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל — — — — — — — — 48
לענין נעמט זיך אויפשטעלן מאַרקסעס לערע וועגן מלחמה — — — 52
ווי אַזוי די אָפּאָרטוניסטן האָבן געזוכט צו באַרעכטיקן די אימפּעריא־
ליסטישע וועלט־מלחמה — — — — — — — — — — — — 54
די פראַגע וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד” און „פאַרטיידיקונג־
מלחמות” — — — — — — — — — — — — — — — — — 55

לענינ'ס טאַקטיק און לענינ'ס לאָזונגען אין אימפּעריאַליסטישער מלחמה — — — — — — — — — — — — — — — — — 61
„פאַרוואַנדלען אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין בירגער־קריג" — — 63
דער שטורעם אין לאַגער פון די אָפּאָרטוניסטן — — — — — — — 66
וואָס האָט באַדייט דער לאָזונג, „פרידן", „אָפּשטעלן די מלחמה"?— 68
דער דורכפאַל פון דער אייגענער רעגירונג אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה — — — — — — — — — — — — — — — — 76
צימערוואַלד — — — — — — — — — — — — — — — — 84
די האַגער אינסטרוקציעס — — — — — — — — — — — 90

נאַציאָנאַלע מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם — 96

לעניניזם און לוקסעמבורגיזם אין דער פראַגע פון מלחמה — — — 98
זיינען מעגלעך נאַציאָנאַלע באַפרייאונג־מלחמות אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם? — — — — — — — — — — — — — — — 100
קאָן מען אָנווענדן אַ נאַציאָנאַלע פּראָגראַם צו אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה? — — — — — — — — — — — — — — — 104
זיינען מעגלעך נאַציאָנאַלע מלחמות אין אייראָפּע? — — — — — 111
די פראַגע וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד" אין אַ נאַציאָנאַלער מלחמה — — — — — — — — — — — — — — — — 113
די טאַקטיק פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין נאַציאָנאַלע מלחמות — — — — — — — — — — — — — — — — — 116
נאַציאָנאַלע מלחמות און בירגער־קריג — — — — — — — — — 119

דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און אימפּעריאַליסטישע מלחמות — 122

ברעסט־ליטאָווסק — — — — — — — — — — — — — — — 125
די רויטע אַרמיי — — — — — — — — — — — — — — — 133
דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט 138
דער סאָוועטן־פאַרבאַנד און די אונטערדריקטע פעלקער — — — — 141
מעג דער סאָוועטן־פאַרבאַנד שליסן מיליטערישע אָפּמאַכן מיט קאַפּיטאַליסטישע מלוכות? — — — — — — — — — — — — — 147
די פרידלעכע פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט — — — — — — 150

פּאַציפיזם און מלחמה — — — — — — — — — — — — 162

וואָס איז פּאַציפיזם? — — — — — — — — — — — — — 164

זייט

פארוואָס די סאָציאַל־פאַשיסטן זוכן צו באַהאַלטן דעם קלאַסן־
כאַראַקטער פון פאַשיזם — — — — — — — — — — — 165
פאַשיזם מיינט אימפּעריאַליסטישע מלחמות — — — — — — — — — — 168

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל און
אימפּעריאַליסטישע מלחמות — — — — — — — — — — 176

פון ערשטן ביזן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל — — — — — — — 176
לעניניזם ווי אַ וועלט־ריכטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג — — 179
די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נאָך דער וועלט־מלחמה 185
דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַלער און די לעצטע געשעענישן 190
די אויפגאַבן פון קאָמוניסטן אין קאַמף קעגן מלחמה — — — — — 192

אינהאַלט — — — — — — — — — — — — — — — — 198